BIALYSTOKER



# ביאַליסטאָק

## בילדער אַלבום פון אַ באַרימטער שטאָט
## און אירע אידען איבער דער וועלט

געזאמלט און צונויפגעשטעלט פון

דוד סאָהן

P. SHULDENREIN

# ביאַליסטאָק

## בילדער אַלבום פון אַ באַרימטער שטאָט און אירע אידען איבער דער וועלט

1200 אינטערעסאַנטע בילדער

מיט טעקסט אין אידיש און אין ענגליש

געזאַמעלט און צונויפגעשטעלט פון

דוד סאָהן

ניו-יאָרק 1951

# CONTENTS

# אינהאַלט

# פאָרוואָרט

שוין פון אַ לאַנגער צייט צוריק, אַז אין מיין מוח איז געבאָרען געוואָרען און האָט זיך פאַרוועבט אַ געדאַנק אַרויסצוגעבען אַ בילדער בוך פון אונזער ליבער, אַמאָליגער היימשטאָט ביאַליסטאָק און אירע וואוילע, האַרציגע אידען.

אָט דער דאָזיגער באַגעהר איז אין מיר נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרען אין די לעצטע עטליכע יאָר נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעאישען אידענטום און חורבן פון אונזער שטאָט, וועלכע האָט דערגרייכט דעם קלימאַקס מיט דער ליקווידאַציע פון דער ביאַליסטאָקער געטאָ און אומקום פון אונזערע לעצטע 60 טויזענט קדושים.

אין אָנבאַטראַכט פון דעם שרעקליכען אומגליק איז ערשט נאָך מעהר און שטאַרקער בולט געוואָרען די נויטווענדיגקייט פון פאַראייביגען דעם אָנדענק פון דער אידישער ביאַליסטאָק ניט נאָר אין וואָרט, נאָר אויך אין בילד, סאַי אַלס זכר לחורבן און וויכטיגסטען היסטאָרישען דענקמאָל, אַ מצבת עולם, סאַי אויך אַלס הייליגער סימבאָל פאַר דער געגענוואַרט און פאַר די קומענדיגע דורות צו לערנען, וויסען און געדענקען זייער יחוס און אָפּשטאַם.

אמת, מען האָט שוין באַקלאָגט דעם חורבן אונזערען, און גרויסע, דיקע בענדער וועלען נאָך איינזיגלען אויף זייערע בלעטער און צווישען זייערע טאָוולען די געשיכטע פון אונזער ליבער אַלטער היים מיט אירע טייערע אידען. דאָס גאָר, און דערמיט וועט זיך עס ענדיקען; אַוועק, און — אָפּגעווישט פון דער וועלט.

האָב איך זיך געשטעלט גאָר אַן אַנדערע, און אפשר אַן אָריגענעלע אויפגאַבע: אַרויסצוגעבען אַ בילדער אַלבום, אַן אילוסטרירטע געשיכטע פון ביאַליסטאָק און אירע אידען איבער דער גרויסער גאָרער וועלט. זאָל מען ניט בלויז לייענען, דענקען, באַגרייפען, נאָר טאַקע פשוט „זעהן", אָנקוקען דאָס, וואָס איז שוין — ליידער — מעהר ניטאָ, און אויך דאָס, וואָס איז נאָך — גאָט צו דאַנקען — געבליבן פון אונזער ליבער ביאַליסטאָק איבער די ארבע פינות העולם.

דער גורל האָט, מסתמא, אַזוי געוואָלט, אַז אין פאַרלויף פון די 32 יאָר, וואָס איך בין פאַרבונדען מיט דעם ביאַליסטאָקער צענטער אין אַמעריקע, און די דריי צענדליג יאָר, וואָס איך האָב דעם כבוד צו רעדאַקטירען די „ביאַליסטאָקער שטימע", זאָל מיר געלינגען צונויפזאַמלען אינטערעסאַנטע און וויכטיגע ביאַליסטאָקער בילדער. דאָס זיינען פאָטאָגראַפיעס פון דער שטאָט, אירע גאַסען, אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטען, ווי אויך פון ביאַליסטאָקער אידען און סתם וויכטיגע און פאַרדינסטפולע לאַנדסלייט פון אַלע טיילען וועלט.

צום באַדויערען און פאַרדרוס, האָב איך זיך אין אָט דער אָנגעשטרענגטער, אינטענסיווער אַרבעט אָנגעטראָפען אויף קאָלאָסאַלע שוועריגקייטען, און טאַקע צוליב מאַנגעל פון געוויסע וויכטיגע בילדער. אָט, למשל, פון אונזער גרויסען גאון און צדיק, ר' ליפּעלע זצ"ל, אַרום וועמען דאָס פאָלק האָט פאַרוועבט אַ סך לעגענדעס, זיינען בכלל ניטאָ קיין פאָטאָגראַפיעס, פשוט דערפאַר ווייל „ער האָט דערפון ניט געהאַלטען"; עס איז געווען געגען זיין רעליגיעזער איינשטעלונג און איבערצייגונגען, און ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאָטאָגראַפירט. דאָס זעלבע באַציהט זיך אויף פיל אַנדערע וויכטיגע ביאַליסטאָקער רבנים, און אַנדערע גרויסע פערזענליכקייטען. דערצו, איז דער ביאַליסטאָקער איד געווען תמיד אַזוי פאַרנומען און פאַרהאַוועט מיט'ן שאַפען דאָס לעבען גופא, אַז ער האָט פשוט קיין צייט ניט געהאַט זיך צו „פאָרטרעטלען". דאָס איז אַן „עסק פאַר ליידיג-גייער", און דער ביאַליסטאָקער איד איז עס קיינמאָל ניט געווען. טראָץ די אַלע קאָמפּליקאַציעס, האָט זיך מיר דאָך איינגעגעבען צו שאַפען אַ פאַרהעלטניש-מעסיג גאַנץ שיינעם און רייכען בילדער-מאַטעריאַל.

די מערסטע פון די 1200 פאָטאָגראַפיעס, וואָס קומען אריין אין דעם בוך, שטעלען מיט זיך פאָר אַ שטיק געשיכטע פון „אַ פאַרשוואונדענער וועלט", פון דעם אומגעבראַכטען מזרח-אייראָפּעאישען אידענטום, צווישען וועלכען די אידישע ביאַליסטאָק האָט פאַרנומען אַזאַ חשובען אָרט מיט איר גייסט און סאָציאַלען שאַפען, מיט איר גרויסער טעקסטיל-אינדוסטריע, מלאכה און צענדליגער אַנדערע עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע אונטערנעמונגען; און ווי באַוואוסט, ריידען בילדער פיל מעהר און טיפער, ווי — ווערטער.

אין „אַלבום" וועט דער לייענער געפינען בילדער פון דער גאָר אַמאָליגער און אויך שפּעטערדיגער ביאַליסטאָק; בילדער פון פאַר דער מלחמה, ווען ביאַליסטאָק האָט געבליהט און געשפּרודעלט מיט לעבען, און בילדער פון נאָך דער מלחמה, פון חורבן און אומקום. בלעטערענדיג דעם „אַלבום", זעהט מען אויך אַ רייכע בילדער-קאָלעקציע פון די ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפטען איבער דער גאָרער וועלט. כמעט אַלע לענדער, וואו נאָר עס געפינט זיך אַ ביאַליסטאָקער ישוב, זיינען פאַרטראָטען אין דעם בוך מיט אַ גענויער אָפּשפּיגלונג פון זייער לעבען און שאַפען.

איך האָב זיך אויך געשטעלט די אויפגאַבע צו ברענגען אין דעם „אַלבום" די פאָטאָגראַפיעס פון לאַנדסלייט, וועלכע האָבען וויכטיגע פאַרדינסטען אויף פאַרשיידענע געביטען פון לעבען און זיינען געוואָרען אינטערנאַציאָנאַל באַרימט, שאַפענדיג אַ שטאָלצען „ביאַליסטאָקער בייטראָג" צו די ריזען-גייסטער פון דער וועלט. עס קומען דאָ אריין פאָטאָגראַפיעס פון באַרימטע וויסענשאַפטסלייט,

שרייבער, קינסטלער, כלל־טוער, ארבעטער־פירער, אינ־דוסטריאַליסטען א. ד. ג.

וואָס שייך אונזערע לאַנדסמאַנשאַפטליכע טוער אין אַמעריקע, וויל איך באַמערקען, אַז בלויז די בילדער פון אַזוינע וועלכע האָבן געטאָן און געווירקט אין מעהר ווי אין איין ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציע, האָבן געפונען אַ פּלאַץ אין „אַלבום". עס האָט זיך געניטיגט אַ מאָס פון אָפּשאַצונג, און איך האָב געהאַלטען אַז אָט די מאָס איז די אַממערסטען יושר'דיגע.

**

איך וויל דאָ איצט אויסדריקען מיין דאַנק און אָנער־קענונג צו אַלע מיינע פריינד פון נאָהענט און וויים, וועלכע האָבן מיר געהאָלפען אין דעם אַלבום פּראָיעקט סאַי פּי־נאַנציעל, סאַי מיט ראָט און טאָט, ווי אויך די אַלע וואָס האָבן מיר צוגעשיקט אינטערעסאַנטע בילדער. צום אַלעם ערשטען דערמאָן איך דאָ מיט דאַנק און שטאָלץ מיין ליבען פריינד, דעם חשובען פּאָרזיצער פון „אַלבום קאָמיטעט", מר. דזשייקאָב קאָהען, וועלכער איז דער פּרעזידענט פון אונזער באַרימטען ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים פון ניו יאָרק, פאַר זיין טיפען אינטערעס און גרעסטע ביי־שטייערונג צום פּובליקאַציע־פאָנד; דעם ווירדיגען טרע־זשורער פון קאָמיטעט, מיין נאָהענטען פריינד, מר. לואיס דייוויס, פאַר זיין מיטהילף, ווי בכלל צו אַלע געשעצטע פריינד, לאַנדסלייט און אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן זיך וואַרים אָפּגערופען מיט זייערע ביטראַגען און פינאַנציע־לער שטיצע. אַ האַרציגען דאַנק מיינע פריינד, די שריפט־שטעלער אהרן חיט — פאַר זיינע וויכטיגע אָנווייזונגען; יעקב יערוזאַלימסקי — פאַר זיין פיינער באַשרייבונג פון די ביאַליסטאָקער גאַסען, און דוד קלעמענטינאָווסקי — פאַר דער געניוקייט אין צוזאַמענשטעלען דעם זוכצעטל פון נעמען.

אַ באַזונדערען דאַנק צו פריינד אירווינג הונגער, פאַר דער פיינער ענגלישער איבערזעצונג פון אידישען טעקסט, און מיין יונגען פריינד און לאַנדסמאַן, דעם ניט־לאַנג אָרי־בערגעקומענעם דרוקער־עקספּערט איסאַק ריבאַלאָווסקי, פאַר זיין וויכטיגער טעכנישער מיטהילף ביים דרוקען דעם אַלבום.

מיין יישר כח צו די באַוואוסטע דרוקער און פאַב־לישערס, די ברידער שולזינגער, די דרוקער פון דעם אַל־בום, פאַר זייער פריינדליכער און אנשטענדיגער באַהאַנד־לונג, און צו די זעצער, באַזונדערס צו לעאָן מאַסטינסקי, און אַלע די וואָס האָבן זיך עוסק געווען ביים דרוקען דעם אַלבום מיין האַרציגען דאַנק.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויפמערקזאַם מאַכען אַז אַ געוויסע צאָל צוגעשיקטע בילדער זיינען געווען זייער אַלטע און אפילו צוריסענע, און דעריבער זיינען אייניגע פון זיי אַרויסגעקומען ניט אַזוי קלאָר.

**

דאָס בילדער־בוך „ביאַליסטאָק" איז ניט נאָר אונזער שטאָטישער בית־עלמין, וואו ביים אָנבליק פון די בילדער, טראָגען מיר זיך אַריבער אין אונזער חרובער היים אויף קבר־אבות, נאָר עס איז גלייכצייטיג אויך דאָס „בוים פון ביאַליסטאָקער לעבען", וועלכער שפּראָצט און בליהט אי־בער דער גאַנצער וועלט.

אויב נאָר אַ טייל פון מיינע אויפגאַבען זיינען רעאַ־ליזירט געוואָרען מיט אָט־דעם „אַלבום"; אויב מיר קענען אין אונזער זכרון דורכלעבען דעם תחית המתים פון אונזער אַלטער היים, און אין טאָג־טעגליכען לעבען וויטער ציהען דעם המשך, די גאָלדענע ביאַליסטאָקער קייט, האָב איך שוין מיין שכר־מצווה פאַר דער קאָלאָסאַלער אונטער־נעמונג, פאַרדינט.

**דוד סאָהן**

ניו יאָרק, יאַנואַר, 1951.

# FOREWORD

For many years, I have nurtured the idea of publishing a pictorial Album of our old hometown—so close to the hearts of our landsleit; a photo-collection of its personalities in every walk of life, as well as of its plain folks who have made that city the great center it once was. My desire to see this project realized was heightened, during the years following the Great Holocaust in Europe, during which six million of our brethren—including Bialystok's 60,000 martyrs—perished at the hands of the Nazi beast and Bialystok itself was demolished. In the light of this great catastrophe, the need of perpetuating—in photo —the memory of Jewish Bialystok has become a greater necessity than ever. This volume would, I felt, serve as a historic record for today and for the coming Bialystoker generations—so that of its pages they might learn, absorb, remember, and be proud of their heritage.

True, a great deal has been written on the history of our hometown, and still more will undoubtedly be chronicled in the future, for there is a great deal to tell about the unique city of Bialystok and its memorable personalities. Much, too, is still to be told about the Bialystok which cradled the "Chovevei Zion" Movement and the great Zionist Movement which followed; the Bialystok of Torah, wisdom, charity, culture; the city of flourishing industry and commerce, of vibrant communal life, enviable Labor Movement and an idealistic youth which hoped and dreamt of a brighter tomorrow.

Sadly, regrettably, all this is no more. Bialystok has, alas, gone up in smoke. Ashes and debris are all that remain. Sadness and heartache overcome all of us who ponder over the Great Tragedy which has befallen us.

And so it was that I set myself the pioneer task of fulfilling this need—publication of a "Bialystoker Album": a photo history of Bialystok and all its Jews, the world over. It is well, I felt, that Jews not only read, absorb, understand—but also cast a glimpse at that which is now, to our sorrow, gone, and see also the still-existing remnants of today's Bialystok. For it is indeed true that "one picture is worth more than a thousand words" and remains in our memory much longer than does the printed word.

Fate probably willed it that, in the course of the past three decades during which I served as Executive Secretary of the Bialystoker Center and Editor of the "Bialystoker Stimme," it be my good fortune to collect thousands of interesting photos of Bialystok and of various highlights in its colorful history; pictures of its streets, edifices, institutions and societies; Portraits of a number of individuals—Bialystoker personalities of world fame, among them writers, artists, communal leaders, industrialists, labor leaders; and, of course, plainfolk-landsleit of every walk of life—many of them interesting, unforgettable Bialystoker types. The 1200 photos in this Album, selected from among a roster of many thousand in my original collection, represent an important chapter in the history of a "world that is no more," a saga in the epic drama of annihilated Eastern European Jewry, in which Jewish Bialystok played such a prominent role—excelling, as it did, with its spiritual and social creativity, its textile industry and scores of other economic and financial undertakings.

Included in the Album are photos of Bialystok—from its 17th Century village days to the era of its annihilation. The hometown in its various stages—the heyday of its glory and the period of its demolition—passes before the reader's eye in this important collection. Here, too, are pictures concerned with Bialystoker landsmanshaften in various countries.

Represented in the Album are almost all communities of Bialystoker landsleit functioning and thriving in lands throughout the globe. The pictorial story of Bialystoker landsleit in America occupies a prominent place in this book. What Bialystoker pioneers have accomplished on American soil and how the network of Bialystoker organizations and societies here has grown and developed are dramatically depicted in this photo-book. Fact is that the "Bialystoker Album" tells, in best fashion, the story of the Bialystoker Jews and their accomplishments the world over.

In conclusion, I should like to remind our Bialystoker organizations and societies, in America and abroad, that the Bialystoker Album is our spiritual pantheon which resurrects our dear hometown before our very eyes. It is, too, the Tree of Bialystoker Life that blooms in every corner of the globe.

At this point, I should like to express my thanks

and appreciation to all my friends, from near and far, who have aided me in the Album project.

In the first instance, I wish to cite, with gratitude and pride:

My dear friend, Mr. Jacob Cohen—esteemed Chairman of the Album Publication Committee and President of the great and renowned Bialystoker Center and Home for the Aged in New York—for his profound interest in the project and for his magnanimous contribution to the Publication Fund. Mr. Cohen is its top donor.

Mr. Louis Davis, worthy Treasurer of the Album Committee, and one of my cherished colleagues, for his aid to the project.

All esteemed friends, landsleit and organizations who responded warmheartedly with their financial contributions and other means of assistance in realizing this undertaking.

Three worthy writers: Messrs. Aaron Chait, for his important "pointers" and suggestions; Jacob Jerusalimsky, for his fine description of Bialystoker streets; and David Klementinowsky, for the masterly fashion in which he compiled the Names-Index of this volume.

I should like to voice particular gratitude to Mr. Irving Hunger, for his excellent English translation of the Album's Yiddish text, and to my young friend and landsman, Izaak Rybalowski—printing expert, newcomer to these shores—for his technical aid in the publication of the Album.

My heartfelt appreciation, too, to Shulsinger Bros., well-known printers and publishers—the printers of this volume—for their commendable cooperation; I am grateful, too, to the firm's compositors, especially Leon Mostinsky, for their invaluable aid.

I should also like to note here that many of the photographs submitted for publication in this Album were very old, some even mutilated—and consequently their reproduction are not as clear as I should have liked them to be.

"Bialystok: Photo Album" is not alone a photo chronicle of our Bialystoker martyred dead that brings to the reader the annihilated hometown in all its phases; the book is also the "Tree of Bialystoker Life," which blooms and flourishes the world over. If but this alone is attained—if this volume enables the reader to experience in his memory the resurrection of the Bialystok hometown and to continue, in day-to-day living, our glorious Bialystoker heritage—then, indeed, has my goal been achieved and my endeavors in having realized this collosal, difficult undertaking amply rewarded.

David Sohn

New York, January, 1951.

# ביאַליסטאָק

(די שטאָט און אירע אידען, אין געשיכטליכען איבערבליק)

ביאַליסטאָק פאַרנעמט אין דער אידישער געשיכטע אַן אָנגעזעהענעם אָרט. זי איז ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען באַרימט מיט איר גרויסער ראָל אין דעם אינדוסטריעלען און קאָמערציעלען לעבען פון רוסלאַנד און פוילען. זי איז געווען באַרימט אַלס שטאָט פון תורה און צדקה, אַלס נעסט פון אידישער קולטור און געזעלשאַפטליכקייט.

די אידישע געשיכטע פון ביאַליסטאָק איז אַ רייכע און זייער אַן אינטערעסאַנטע. אָנגעהויבען האָט זיך עס פון אַ דערפעל לעבען טייך „ביאַלע", וואָס האָט געהערט צו גראַף בראַניצקי, מיט עטליכע הונדערט יאָר צוריק. דער דאָזיגער גראַף בראַניצקי — אַזוי דערציילט די געשיכטע — איז געווען אַ אידען־פריינד. ער האָט איינגעלאַדען די אידען פון די שכנישע דערפער און שטעטלעך צו קומען זיך באַזעצען אַרום זיין דאָרף ביאַלע און בויען אַ שטאָט. ער האָט זיי געהאָלפען מיט לאַנד און מיט געהילץ און מיט פאַרשידענע אַנדערע מיטלען און אידען האָבען טאַקע אויפגעבויט די שטעטעל ביאַליסטאָק (דער „ווייסער שטראָם"), וועלכער איז מיט אַ סך יאָרען שפּעטער אויסגעוואַקסען צו דער גרויסער שטאָט, וואָס איז באַרימט געוואָרען איבער דער גאַנצער וועלט. אידישע ענערגיע, אידישער פלייס און אידישע דערפינדערישקייט האָט פון דעם קליינעם דערפעל געשאַפען אַ גרויסע שטאָט, מיט גרויסע אינדוסטריעס און מיט פאַרבינדונגען איבער דער גאַנצער וועלט.

ביאַליסטאָק האָט געהאַט פאַרשיידענע צייטען. געווען יאָרען, ווען די שטאָט האָט געבליהט און געוואַקסען. אידען האָבען געהאַט פרנסה און פאַרמאָגט אפילו מיליאָנערען. געווען אָבער אויך צייטען, ווען די שטאָט האָט דורכגעמאַכט שווערע עקאָנאָמישע קריזיסען, פּאָליטישע אויפטרייסלונגען און פּאָגראָמען, וואָס האָבען געטריבען אַ סך פון אירע קינדער איבער אַלע טיילען וועלט. די וויכטיגסטע דריי עמיגראַציעס פון ביאַליסטאָק זיינען געווען: 1) אין די אַכציגער און ניינציגער יאָרען, ווען אַ צאָל ביאַליסטאָקער אידען זיינען אַוועק נאָך אַמעריקע, אַרגענטינע און ארץ־ישראל; 2) אין דעם יאָר 1906, באַלד נאָך דעם גרויסען ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, ווען די מערסטע זיינען געפאָרען קיין אַמעריקע, און 3) נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די עמיגראַציע איז געגאַנגען קיין אַמעריקע, ארץ־ישראל, אַרגענטינע און אַנדערע לענדער.

ביאַליסטאָק האָט פאַר דער לעצטער מלחמה אין 1939 געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַרום הונדערט טויזענט. עס האָבען דאָרט געלעבט 6 פאַרשיידענע פעלקער: אידען, פּאָליאַקען, ווייס־רוסען, רוסען, ליטווינער און דייטשען. איבער 60 פּראָצענט פון דער ביאַליסטאָקער באַפעלקערונג זיינען געווען אידען. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 האָט די אידישע באַפעלקערונג באַטראָפען גאַנצע 80 פּראָצענט און דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער און עקאָנאָמישער לעבען פון שטאָט איז געווען באַהערשט פון אידען.

***

עס וועקען זיך אויף אין האַרצען פון יעדען ביאַליסטאָקער אידען מאָדנע זיס־טרויעריגע זכרונות און געפיהלען, ווען מען טראַכט וועגן דער אַמאָליגער פאַר־מלחמה־דיגער ביאַליסטאָק, ווען די שטאָט האָט געבליהט, די יוגענט האָט געשטורעמט און געקעמפט און אַלץ האָט געברויזט מיט לעבען און מיט טעטיקייט. עס לויפען פאַרביי די ביאַליסטאָקער גאַסען: נאָוואָליפּיע, באַזאַרנע מיט'ן שטאָט־זייגער און די ברעמלעך, וואָס גראַף בראַניצקי האָט אויפגעבויט מיט קאַרגע 200 יאָר צוריק, וואַשילקאָווער גאַס, ניישטאָט און די אַלייען פון „הינטער דער טורמע", וואו די יוגענט האָט שפּאַצירט און ראָמאַנסירט, דער „גאָראָדסקאָי סאָד" און די „גרינע וועג" אין וואַלד, וואו אידישע סטודענטען און גימנאַזיסטקעס, פּריקאַזשטשיקעס און שניידערקעס, אַרבייטער און פאַבריק־מיידלעך האָבען געשפּונען זייערע חלומות, געלאַכט, געשטיפט און געזונגען; די גאַסען: סוראַזער, פּיאַסקעס און כאַנאַיקעס, דער שוהל־הויף און די גרויסע שטאָט־שוהל (וואָס די נאַצים ימח שמם האָבען אין 1941 פאַרברענט צוזאַמען מיט 1,500 אידען), און די אַרומיגע געסלעך, וואו די ביאַליסטאָקער פאָלקס־מאַסען האָבען געוואוינט און געקעמפט פאַר זייער עקזיסטענץ. דאָרט האָט שטענדיג געברויזט מיט רעוואָלוציע און קאַמף. די אַרבייטער־בירזשע אויף סוראַזער גאַס און אויך אויף ראָג גומיענער, וואו עס האָט אַלעמאָל געקאָכט און גערוישט מיט דיסקוסיעס און וויכוחים צווישען דעם „בונד" און די „פּועלי ציון", צווישען די אַנאַרכיסטען און די „עסערען", צווישען די „פּעפּעעסניקעס" און די „עסעסניקעס". מען האָט זיך אַרומגעריסען וועגען דער קומענדיגער רעוואָלוציע און וועגען נעכטיגע טעג און מען האָט זיך ניט געקענט איינטיילען מיט דער וועלט...

עס איז אויך געווען אַ פרומע, גאָטס־פאָרכטיגע ביאַליסטאָק; איבער הונדערט בתי מדרשים, וואו אידען לומדים זיינען געזעסען טאָג און נאַכט און געלערנט; ישיבות און תלמוד־תורה'ס, פון וואַנען עס פלעגען זיך דערטראָגען די זיסע קולות פון די קינדער און די ישיבה־בחורים ביים לערנען. אַ סך פון זיי זיינען געקומען פון די אַרומיגע שטעטלעך, און ביאַליסטאָק האָט זיי פאַרזאָרגט מיט תורה און אויך מיט „טעג". ביאַליסטאָק איז אַלעמאָל געווען ווי אַ מאַמע צו די אַרומיגע שטעטלעך.

וואו אַ צרה, איז מען געקומען קיין ביאַליסטאָק, און ביאַליסטאָק האָט געהאָלפען.

און ביאַליסטאָקער פילאַנטראָפיע, ביאַליסטאָקער וואוילטעטיקייט! דער אידישער שפיטאָל האָט געהאַט אַ געשיכטע פון איבער הונדערט יאָר; דער באַרימטער „לינת הצדק" האָט געהאַט אַ רעקאָרד פון איבער 55 יאָר רעטונגס-אַרבייט; דער „לינת חולים", דער מושב זקנים, דער קאָמיטעט „יד חרוצים", וואָס האָט זיך שפעטער פאַרוואַנדלט אין דער האַנטווערקער-שולע; די יתומים-הייזער און די „צדקה גדולה", דער „הקדש", דער „מתן בסתר", די קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס-קאַסעס און נאָך פיל אַזעלכע וויכטיגע אנשטאַלטען. אַלע האָבען געבראַכט הילף מיט ברייטהאַרציגקייט און אויף דעם שיינעם אידישען אופן. צענדליגער צדקה-קלייבערס און צדקה-קלייבערינס זיינען געווען אין שטאָט, וועלכע פלעגען צוזאַמענעמען נדבות ביי די באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס און זיי פאַרטיילען, וועמען אויף האָלץ פאַר'ן ווינטער, וועמען אויף דירה-געלט און וועמען גאָר אויף נדן פאַר אַ פאַרזעסענער אַלטער מיידעל. קיינער האָט וועגען דעם ניט געוואוסט; שטיל, פאַרבאַהאַלטען איז דאָס געטאָן געוואָרען. אָפט האָבען די דאָזיגע באַשיידענע בעלי טובות מיטגענומען מיט זיך זייערע שיינע מעשים אַלס אייביגען סוד אין קבר, כדי ניט צו פאַרשעמען יענעם, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען נאָך הילף. אַזעלכע האַרציגע אידישע פאָלקס-מענטשען האָט ביאַליסטאָק פאַרמאָגט.

***

ביאַליסטאָק איז געווען די דריטע גרעסטע שטאָט פון טעקסטיל-אינדוסטריע נאָך מאָסקווע און לאָדז, און האָט שוין אפילו אין די לעצטע יאָרען באַוויזען איבערצושטייגען לאָדז מיט איר פּראָדוקציע פון געוואַנט און ספּעציעלע ביאַליסטאָקער טוך און דעקען, מיט וועלכע זי האָט דערוואָרבען פאַר אירע סחורות אַ גרויסען מאַרק איבער דער גאַנצער וועלט.

די ערשטע אידישע טוך-פאַבריקען אין ביאַליסטאָק האָבען זיך באַוויזען מיט איבער הונדערט יאָר צוריק. דאָס זיינען געווען קליינע פאַבריקלעך פון האַנטשטולען, אויף וועלכע אידישע וועבער האָבען געאַרבייט פאַר הונגער-לוין. אין יאָר 1850 האָבען די דעמאָלטדיגע אידישע פאַבריקאַנטען, נחום מינץ און סענדער בלאָך, די ערשטע גענומען איינפירען דאַמף-שטולען און ביסלעכווייז, אין משך פון יאָרען, איז כמעט די גאַנצע ביאַליסטאָקער טוך-אינדוסטריע אַריבער צו מעכאַנישע (עלעקטרישע) וועבשטולען. צווישען די אַמאָליגע טוך-פאַבריקאַנטען דאַרפען דערמאָנט ווערען די ברידער טרילינג, לייזער פרייסמאַן, אהרן און נתן סוראַזקי, לייזער הענדלער, נאָוויק א. א.

אַ דאַנק די פאַרשיידענע אינדוסטריעס, וואָס האָבען זיך אַנטוויקעלט אין שטאָט, ווי וועבעריי, גאַרבעריי, שניידעריי, קירזשנעריי, מולעריי, שוסטעריי, טאַבאַק-פאַבריקען און דאָס גלייכען, איז אויסגעוואַקסען אַ גרויסע אַרבייטער-באַוועגונג, מיט רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, וועלכע האָבען געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם פּאָליטיש-עקאָנאָמישען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון שטאָט. ביאַליסטאָק האָט דורכגעלעבט אַ סך דעמאָנסטראַציעס, סטרייקס און אויך פּאָליטישע אומאָרדענונגען און באַוואָפּנטע אָנפאַלען אויף פּאָליציי-באַאַמטע. די אַלטע רוסישע מאַכט איז אַ לענגערע צייט געווען אין גרויס שרעק פאַר דער מעכטיגער ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אויך אונטער דער שפּעטערדיגער פּוילישער מאַכט איז די אַרבייטער-באַוועגונג אין ביאַליסטאָק געווען שטאַרק און האָט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין שטאָט.

ווען מען בלעטערט דורך די ביאַליסטאָקער געשיכטע פאַר די לעצטע 50 יאָר, זעהט מען דעם געוואַלדיגען קאַמף, וואָס די שטאָט האָט דורכגעמאַכט פאַר דער דאָזיגער צייט. דאָס זיינען געווען צייטען פון רעוואָלוציעס, פּאָגראָמען, מלחמה און פון אַכט פאַרשיידענע מיליטערישע אָקופּאַציעס. באַזונדערס האָט איבערגעלאָזען אַ טרויעריגען רושם אויף די ביאַליסטאָקער אידען דער בלוטיגער שבת נחמו פון 1905 און דער פּאָגראָם פון 1906, ווען עס זיינען געפאַלען אַ סך אידישע קרבנות, און מען מוז באַוואונדערען די אויסדויער-קראַפט, דעם כח און די עקשנות פון דעם ביאַליסטאָקער אידען, וועלכער האָט דאָס אַלץ איבערגעלעבט.

***

וועגען דער שטאָט ביאַליסטאָק זיינען שטענדיג אָנגעגאַנגען סכסוכים צווישען פאַרשיידענע מלוכות, וועלכע האָבען געפאָדערט אויף איר זייער רעכט. אָנגעהויבען האָט זיך די געשיכטע פון ביאַליסטאָק אין 1320, ווען דער ליטווישער פירשט געדימין האָט זי געגרינדעט אַלס דאָרף. אין 1668 איז דער דאָרף ביאַליסטאָק אַריבער צו פּוילען, אָבער מיט יאָרען שפּעטער, אין 1795, ווען פּוילען איז צעטיילט געוואָרען, איז ביאַליסטאָק צוזאַמען מיט גאַנץ פּאָלעסיע אַריבער צו פּרייסען.

אין 1807 איז די שטאָט איבערגענומען געוואָרען פון נאַפּאָלעאָנס מיליטער און איז געווען כמעט אַ יאָר אונטער פראַנצויזישער הערשאַפט. אין 1808 איז ביאַליסטאָק אַריבער צו רוסלאַנד, אָבער אין 1812, ווען עס האָט אויסגעבראָכען דער קריג צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך, איז ביאַליסטאָק צוזאַמען מיט גאַנץ ליטע און פּוילען ווידער פאַרנומען געוואָרען פון נאַפּאָלעאָנען. נאָך דער היסטאָרישער טילזיטער שלום-קאָנפערענץ, איז ביאַליסטאָק צוריק אַריבער צו רוסלאַנד, וואו זי איז פאַרבליבען איבער הונדערט יאָר, ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה. אין 1915 איז זי אָקופּירט געוואָרען פון דייטשלאַנד. זינט 1919 ביז דעם אויסברוך פון דער לעצטער וועלט-מלחמה, אין 1939, האָט ביאַליסטאָק געהערט צו פּוילען. פאַר די איבער הונדערט יאָר (1808—1915) וואָס די שטאָט האָט געהערט צו רוסלאַנד, איז ביאַליסטאָק אויסגעוואַקסען און געוואָרען איינע פון די גרעסטע און וויכטיגסטע אינדוסטריעלע צענטרען פון לאַנד. ביאַליסטאָק האָט זיך געבויט מיט אַ שנעלען טעמפּאָ. הייזער און פאַבריקען זיינען אויפגעקומען איבער נאַכט און די אידישע באַפעלקערונג און די אידישע פּראָדוקטיוויטעט איז געוואַקסען נאָך שטאַרקער.

***

ביאַליסטאָק איז געוואָרען באַרימט איבער גאַנץ רוסלאַנד, ליטע און פּוילען, ווי אַ שטאָט פון צדקה און אידישער קולטור, ווייל ביאַליסטאָק איז אַלעמאָל געווען די

ערשטע, וואָס האָט זיך אָפּגערופֿען מיט אַ ברייטער האַנט אויף אַלע אידישע נויטען. אין ביאַליסטאָק איז געווען די וויגעלע פֿון דער „חובבי ציון" באַוועגונג. ביאַליסטאָקער האָבען געגרינדעט די קאָלאָניע „פּתח תקוה" אין ארץ־ישראל אין 1882 און אויפֿגעבויט שפּעטער הייזער און אונטערנעמונגען אין תל־אביב און אין אַנדערע געגענטען פֿון אידישען לאַנד. די אידישע קאָלאָניע „מאָזעסוויל", ווי אויך דער אינדוסטריעלער ווינקל „וויזשא לינטש" אין אַרגענטינע זיינען אויפֿגעבויט געוואָרען דורך דער אַרבייט, שווייס און געלט פֿון ביאַליסטאָקער אידען. אין ביאַליסטאָק גופא זיינען געשאַפֿען געוואָרען אַ סך וויכטיגע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען געווען אַ מוסטער פֿאַר'ן גאַנצען לאַנד. ביאַליסטאָק האָט פֿאַרמאָגט אַ גרויסע נעץ פֿון אידישע און העברעאישע פֿאָלק־שולען און גימנאַזיעס, קולטור־אָרגאַניזאַציעס, ביבליאָטעקען א. א. וו. (די שלום־עליכם ביבליאָטעק אַליין האָט פֿאַרמאָגט 50 טויזענט ביכער). זייער פֿיל האָט ביאַליסטאָק געלייסטעט פֿאַר'ן אידיש־העברעאישען טעאַטער־וועזען. צמח, דער גרינדער פֿון „הבימה", איז געווען אַ ביאַליסטאָקער, און טאַקע דאָרט איז געשטאַנען די וויגעלע פֿון אַט דער זעלטענער קינסטלער־טרופּע. אין דער רוחניות'דיגער ביאַליסטאָקער האָט אָבער אויך געפֿונען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ דער פֿיזישער קולט, און דער ביאַליסטאָקער ספּאָרט־וועזען מיט אַלע זיינע אָפּצווייגונגען האָט געהאַט אַ גרויסען נאָמען אין גאַנצען לאַנד.

ביאַליסטאָק האָט פֿאַרמאָגט אַ שיינע אידישע אינטעליגענץ: וויסענשאַפֿטלער, שריפֿטשטעלער און קינסטלער. זי האָט אויך געשם'ט מיט אירע רבנים גאונים און כלל־טוער, מיט אירע גרויסע אידען, וועלכע האָבען באַרימט געמאַכט זייער היימשטאָט איבערן גאַנצען ערדקוגעל. אָט, אַ שטייגער, איז געווען אין ביאַליסטאָק דער באַוואוסטער גאון און צדיק, ר' ליפּעלע זצ"ל, אָרום וועמען דאָס פֿאָלק האָט פֿאַרוועבט אַ סך שיינע לעגענדעס; הרב שמואל מאָהילעווער, דער גרינדער און באַגרינדער פֿון „חובבי ציון" און פֿון דער „מזרחי"־באַוועגונג; דר. יוסף כאַזאַנאָוויטש, דער זאַמלער און גרינדער פֿון דער גרעסטער ביבליאָטעק אין ארץ־ישראל; מאַקסים ליטווינאָוו, דער סאָוועטישער דיפּלאָמאַט און געוועזענער רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקע; דר. לודוויג זאַמענהאָף, דער דערפֿינדער פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך עספּעראַנטאָ; א. ש. הערשבערג, שריפֿטשטעלער און פֿאָרשער, מחבר פֿון „פּנקס ביאַליסטאָק", און פֿיל אַנדערע, וועמען דער באַגרענעצטער פּלאַץ און ענגע ראַמען פֿון אַ קורצען איבערבליק דערלויבען ניט אויסצורעכענען ביים נאָמען.

**
*

דער מבול פֿון בלוט און פֿלאַמען, וועלכער האָט פֿאַרפֿלייצט אייראָפּע אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, האָט אויך אין דעם שרעקליכען שטורעם אָפּגעווישט און פֿאַרניכטעט אונזער אידיש ביאַליסטאָק און אויסגעריסען מיט'ן וואָרצעל איר בליהענדע באַפֿעלקערונג דורך דעם טראַגישען מאַסען־מאָרד פֿון 60,000 ברידער און שוועסטער אונזערע, צוזאַמען מיט 200,000 אידען פֿון די אַרומיגע שטעטלעך.

ווען די בלוט־דורשטיגע נאַציס האָבען זיך אין יאָר 1941 געלאָזען אין וויסטען געיעג אויף רוסלאַנד, האָבען זיי אונטערוועגענס פֿאַרנומען ביאַליסטאָק און פֿאַרשפּאַרט אירע אידען אין אַן ענגער געטאָ. ליקווידירענדיג די געטאָ אין די טרויעריגע טעג פֿון 16־23־טען אויגוסט, 1943, האָבען די מערדער אין פֿאַרשיידענע צייטען אויך אומגעבראַכט די אומשולדיגע קרבנות פֿון ביאַליסטאָק און דער פּראָווינץ, וועלכע זיי האָבען פֿאַרשלעפּט אין די מאָרדפֿאַבריקען פֿון אוישוויץ, מאַידאַנעק, טרעבלינקע און אַנדערע אינקוויזיציע־פּלעצער אין דעם „טאָל פֿון טויט".

אַ העראָאישען קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פֿון ווידערשטאַנד און קאַמף פֿאַר לעבען און נאַציאָנאַלען כבוד האָבען די ביאַליסטאָקער אידישע העלדען און מאַרטירער פֿאַרשריבען דורך זייער אָנטייל אין דער „פּאַרטיזאַנקע". ווי שמשון קעגען די פּלשתים זיינען זיי געפֿאַלען אויף די טויטע קערפּערס פֿון זייערע באַדריקער. פֿיל אָבער האָבען איבערגעלעבט דעם קאָשמאַר פֿון וואַלד און זיך געראַטעוועט פֿון דעם תליון'ס ציין און נעגעל, דערגרייכענדיג אַ רוהיגען ווינקעל אין אַמעריקע, אויסטראַליע און ישראל.

אויך אין געטאָ גופא האָבען די ביאַליסטאָקער אידען געשטעלט אַ העלדישען ווידערשטאַנד, וואָס האָט אָנגעהאַלטען אַ גאַנצע וואָך, און האָט צוזאַמען מיט פֿיל אידישע קרבנות אויך געקאָסט פֿיל נאַצישע לעבענס.

**
*

די ביאַליסטאָקער פּליטים, וועלכע האָבען אויפֿ'ן וועג אין נייע לענדער דורכגעמאַכט דעם נע־ונד און גלות אין די לאַגערען פֿאַר אויסגעוואָרצעלטע אידען אין דייטשלאַנד, איטאַליע, ציפּערן א. א. וו., זיינען פֿיל געהאָלפֿען געוואָרען אין זייער נויט דורך דעם ביאַליסטאָקער צענטער פֿון ניו יאָרק, וועלכער האָט אָרגאַניזירט אַ רעליף מיט דער הילף פֿון די ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפֿטען פֿון נואַרק, נ. דזש., פּעטערסאָן, שיקאַגאָ, מילוואָקי, דעטראָיט, לאָס אַנדזשעלעס, און אויך פֿון מאָנטרעאָל און טאָראָנטאָ אין קאַנאַדע. די וואָס האָבן זיך דערשלאָגען צו די ברעגען פֿון אַמעריקע, זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען דורך דעם צענטער פֿון ניו יאָרק, ווי אויך דורך די ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע שטעט אויף באַשעפֿטיגונגס־פּלעצער און געהאָלפֿען געוואָרען מיט ראַט און טאַט צו אַקלימאַטיזירען זיך אין זייער נייער היים.

**
*

אין די טעג פֿון 21־22־טען אויגוסט, 1949, פּונקט צום זעקסטען יאָרצייט פֿון דער ליקווידאַציע פֿון דער ביאַליסטאָקער געטאָ, איז אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַן אַלוועלטליכע ביאַליסטאָקער קאָנווענשאָן, וועלכע איז פֿאַררופֿען געוואָרען דורך דעם ביאַליסטאָקער צענטער. די קאָנווענשאָן, אין וועלכער עס האָבען זיך באַטייליגט דעלעגאַטען פֿון גאַנץ אַמעריקע און פֿון נאָך 12 אַנדערע לענדער, איינשליסענדיג מדינת ישראל, האָט פֿייערליך באַשלאָסען אויפֿצוריכטען אַ ניי ביאַליסטאָק דורך בויען אַ „קרית ביאַליסטאָק" אין ישראל.

ד. ס.

# BIALYSTOK

In Jewish history Bialystok has played an outstanding role through the years. Until the outbreak of World War II, it has been famed as an important center in Poland's industrial and commercial life. Bialystok, too, had been known as a mecca of the Torah and charitable endeavor, as well as having carved an enviable niche as trail-blazer in the field of Jewish culture and communal activity.

Eventful and momentous is Bialystok's history. In tracing its development, we note that the Bialystoker Story begins several centuries back as a village near Biale River, on the property of Count Branitzki. A friend of the Jews, he invited the Jewish populace in the villages and towns to settle around his village of Biale and build a city. He aided them in their endeavor by means of land grants and other gifts, and thus, spurred on by Count Branitzki, Jews built a town they called Bialystok (the "White Stream") which, years later, reached its peak of development and glory. Thanks to Jewish energy, initiative, enterprise and ingenuity, Bialystok blossomed forth into a metropolis boasting great industries and commercial links with every corner of the globe, its fame ringing forth throughout the world.

Parallelling other cities, Bialystok has had its "ups and downs;" periods of growth and years of economic reverses and pogroms. During boomtime, when Bialystok grew and prospered, the Jews there earned, on the whole, a fine livelihood and even produced some millionaires. In periods of depression and atrocity, a large number of Bialystoker youth emigrated to centers in various parts of the world. All told, three emigration waves from Bialystok are recorded: 1) in the 80's of the 19th century, when hosts of Bialystoker Jews found their way to American shores, Argentina and Palestine; 2) in 1905-1906, immediately following Czarist persecution and the Bialystoker pogroms, when most of the Jewish emigrees there boarded ship for the United States; and 3) the post-World War I period, when the emigration tide extended to America, Israel, Argentina and Australia.

Prior to World War II, Bialystok's population had totalled about 100,000. Residing in Bialystok, along with the Jews, were five other nationalities: Poles, White Russians, Russians, Lithuanians, and Germans.

Prior to World War I, Bialystok's Jewish populace totalled 80% of all the city's inhabitants.

* * *

Vibrant, pre-war Bialystok brings to mind colorful memories. Among them are recollections of noted Bialystoker streets: Novilipe, Bazarne and its City Clock, erected by Count Branitzki nearly two centuries ago; Vashlikover Street and Neistadt; and the avenues behind the Prison ("unter der turme") —"lovers' lane" for Bialystoker youth. Then, too, there were the "Gorodoskoi Sod" (City Park) and the "Green Road" in the wood, where Jewish youth —students, workers and factory girls—sang and had fun. Also deep-rooted in recollection are the "piaskes" and "chanaikes", the City's Synagogue (Shtot Shul), in which perished some 1,500 Jews—atrociously murdered by the Nazis in a huge blazing pyre in 1941.

Memorable, too, is Surazer Street and its labor "berze"; and Gumiener Street, which constantly seethed with discussion groups engaged in verbal tussle on just about every conceivable topic. There, Bundists "had it out" with Poalei-Zionists—and Anarchists with Social-Democrats. Controversy raged about the coming Revolution and . . . things buzzed on Bialystoker streets.

The Orthodox Jewish element also held sway in Bialystok. The city boasted more than one hundred Orthodox "shulen" wherein Jewish scholars engaged in religious study; Yeshivos and Talmud Torahs, crowded with studious "Yeshivah bachurim" who converged there—not alone from Bialystok but from its environs. They were provided with opportunity for scholarly pursuit and for sustenance alike.

In the field of Jewish communal life and charitable endeavor, Bialystok has established a peerless record. Some of the groups devoted to these objectives were:

The Jewish Hospital, which rendered more than a century of service;

The famed "Linas Hatzedek" and "Linas Cholim", which set a record of 55 years of rescue work in behalf of the ailing;

"Yad Harotzim", which was subsequently transformed into an Artisans' School; later it became the Handwerker Shule;

Orphanages and "Tzdoko Gdolo";

Cooperative Credit Unions.

Their activity along charitable and communal lines marks a glorious chapter in the history of Bialystoker Jewry in the hometown. The generous and wholehearted aid they rendered serve as a testimonial of their noble deeds.

Women would make the rounds in Bialystoker homes and solicit "tzdoko" amongst the residents. Not only were destitute families, through these efforts, provided with the primary needs of life—food, clothing, firewobd, or shelter; oftentimes, too, a spinstress was given a dowry. All of which was done in a quiet, modest manner, so as not to cause embarrassment to those who had been compelled to apply for aid.

Prewar, Bialystok was the third largest textile center, surpassed only by Moscow and Lodz. At certain periods, Bialystok even forged ahead of Lodz, and found markets for this commodity throughout the world.

First Jewish-owned textile plants began as small artisan shops which employed weavers at pittance pay. In 1850, steam-operated looms made their debut in the Bialystoker textile factories of Nachum Mintz and Sender Bloch. In Bialystok, as elsewhere in the world, electricity, in course of time, supplanted steam as a mode of power. Among the most prominent Bialystoker textile manufacturers of yore were Trilling and Sons, and Messers Leizer Preisman, Aaron and Noson Souraski, Leizer Handler, Novik, and others.

With the growth of Bialystok's industrial network—in the weaving, leather goods, tailoring, shoemaking and tobacco fields—a great Labor Movement emerged. It played a dominant role along with the revolutionary parties that sprung up at the same time in the city's economic and communal life. Political demonstrations, strikes and armed assaults on the part of police officials were common in the city's annals.

Revolutions, pogroms, wars and eight separate military operations have highlighted Bialystok's history during the past half-century.

Among the most tragic events on record were the Bloody Sabbath of July 1905 and the Pogrom of 1906, during which several hundred Bialystoker Jews were murdered.

* * *

Bialystok's origin dates back to 1320, when the Lithuanian Count Gedimin established it as a village. In 1668, Poland assumed control of Bialystok; years later—in 1795, following Polish partition—Prussia assumed rule over Bialystok.

From that date, the following transpired:

1807—Napoleonic armies wrested control of Bialystok and ruled for one year;

1808—The city passed into Russian hands;

1812—Upon outbreak of the Franco-Russian War, Napoleon reconquered Lithuania and Poland, and with these lands, the city of Bialystok fell to his forces;

The Tilsit Peace Conference marked the return of Bialystok to Russian control, with Russia continuing that rule for more than a century, to the First World War;

1919 to the outbreak of World War II: Bialystok under Polish rule.

Having grown industrially and commercially under Russian rule, Bialystok also established a wide repute as the "City with the Golden Heart," ever responding, in fullest measure, to every Jewish need. As a cradle of the Zionist movement, Bialystok pioneered in founding the "Petach Tikvah" colony in Israel, and in erecting homes in Tel Aviv and elsewhere in the Jewish Homeland. The first settlers of the Jewish colony, Mosesville, in Argentine, Bialystoker Jews also aided in its realization. Bialystok's network of Yiddish and Hebrew folk schools, cultural groups, libraries and the like, are testimonials of its farsightedness and commendable activity along educational lines (the Sholem Aleichem Library alone boasted a collection of 50,000 volumes). In Bialystok, too, a number of Yiddish dailies and periodicals were published—regarded among the country's best.

A number of intellectuals—Rabbis, scholars, scientists, writers, artists, communal and labor leaders—were born and reared in Bialystok. Thanks to them, the city's fame spread internationally. The roster includes such outstanding personalities as Rabbi Lipele, renowned scholar; Rabbi Shmuel Mohilever, founder of the "Chovevei Zion" Movement and Mizrachi; Dr. Yosef Chazanovitch, collector and founder of Israel's largest library; Maxim Litvinoff, noted Soviet diplomat and former Soviet envoy to the U.S.; General Ygall Yadin, Commander-in-Chief of the Israeli Army; Dr. Ludwig Zamenhoff, inventor of the international language, Esperanto, and many others.

Residing in every part of the world, Bialystoker Jews have everywhere established flourishing Bialys-

toker centers. On American soil they have created a "Second Bialystok", which has, throughout, maintained contact with the hometown. Residing in the United States are some 50,000 Bialystoker landsleit, joined in fraternal bond by the Bialystoker Center of America, 228 East Broadway, New York. Since the cessation of conflict, following World War I, the Bialystoker Center has chronicled a record of unparalleled relief and upbuilding in behalf of our brethren-landsleit—and to that record it justly points with pride.

Tragically enough, the last World War—which broke out in September 1939—resulted in the slaughter of 6,000,000 Jews in Europe, among whom were the 60,000 martyred Jews of Bialystok and 200,000 more from its vicinity.

When the Nazis pounced upon Russia, in 1941, they herded Bialystok's Jews into a Ghetto. Following the Ghetto's liquidation, the Brownshirt monsters shipped off Bialystok's Jews to Aushwitz, Treblinka and Maidanek, where they were brutally and mercilessly murdered in the raging crematoria.

Liquidation of the Bialystoker Ghetto by the Nazis encountered heroic resistance on the part of its doomed and hopelessly outnumbered and unarmed inhabitants. A few thousand of our brothers and sisters fell in the attack; at the same time, too, death came to a number of Nazi beasts engaged in the struggle.

Thus was the curtain rung down on a Jewish community—in existence for three centuries—after a long and colorful history.

Undaunted by what had happened, the Bialystoker Jews the world over are now rebuilding their hometown on the soil of the new Jewish State in Israel.

This action is in line with a resolution adopted at the World Bialystoker Convention, held in August 1949, in New York, and timed with the observance of the Sixth Yahrzeit of the liquidation of the Bialystoker Ghetto. At the conclave, the assembled delegates vowed that "A new Bialystok shall arise once again on Israel's soil, in commemoration of our martyred brethren in the hometown!"

That promise is now being realized.

D.S.

ערשטער טייל:

PART ONE:

# ביאַליסטאָק

## איר אַנטשטייאונג און אויפבוי

# BIALYSTOK

## ITS ORIGIN AND GROWTH

... איז געווען אַמאָל אַ שטאָט אַזאַ

*There was once upon a time a town . . .*

## מאַפּע (לאַנד-קאַרטע) פון דער שטאָט ביאַליסטאָק און אומגעגנט
## THE MAP OF BIALYSTOK AND VICINITY



# די בראַניצקים — ערשטע אייגענטימער פון ישוב ביאַליסטאָק
# THE BRANITSKI'S—FIRST OWNERS OF THE TOWN OF BIALYSTOK



גרעפין איזאַבעלאַ בראַניצקי, די פרוי פון יאַן קלעמענס, און שוועסטער פון לעצטען פוילישען קעניג סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי. זי איז אַלט געווען 18 יאָר ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם 58־יאָריגען בראַניצקי און איז שוין ביי אים געווען די 3־טע פרוי. איזאַבעלאַ האָט אים איבערגעלעבט מיט אַ סך יאָרען. זיי האָבעןביידע נישט איבערגעלאָזען קיין קינדער.

COUNTESS ISABELLA BRANITSKI, wife of Jan Klemens, was the sister of the last Polish King, Stanislaw Poniatowsky. She married Jan Klemens, who was 58, at the age of 18 and was his third wife. They both died childless.



גראַף יאַן קלעמענס בראַניצקי, דער צווייטער (געב. 1689 — געשט. 1771), וועלכער האָט גע'ירש'נט דעם דאָרף ביאַליסטאָק פון זיין פאָטער. פאַר זיין צייט, אין 1742, איז ביאַליסטאָק דערהויבען געוואָרען דורך דעם פוילישען קעניג אוגוסט דעם דריטען, צו אַ שטאָט. דאָס האָט פאַרגרעסערט דעם אידישען קיבוץ און געבראַכט צו דער שפּעטערדיגער גרויסער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט ביאַליסטאָק.

COUNT JAN KLEMENS BRANITSKI II (1689-1771), who inherited the village of Bialystok from his father. During his lifetime (1742) King August III raised the status of Bialystok from a village to a town. This act enlarged the Jewish settlement in Bialystok and led to the eventual development of Bialystok as a large industrial city.



ביאַליסטאָק אַלס דאָרף אין מיטען פון 17־טען יאָרהונדערט (לויט אַן אקווארעל)

Bialystok as a Village in the 17th Century.



דער „סטאַוו" ביים טייך „ביאַלי" איידער מען האָט אים פארשאָטען אין 1897 און אויף זיין אָרט פארפלאַנצט דעם שטאָטישען גאָרטען.

The Pond near the "Bialy" Lake before it was filled in and turned into the City Park.



דער
ביאַליסטאָקער
„הערב"

The Emblem
(Coat-of-Arms)
of Bialystok



BRANITSKI'S PALACE IN BIALYSTOK, built in 1703, on the style of the famous French Versailles Palace. When Bialystok was captured by the Russians, this palace was known as the "Czar's Palace," because the Czars often stopped there while hunting in the Bieloweszer forests, near Bialystok. In 1841, the palace was turned into an "Institute for the Daughters of the Nobility." More recently, under Polish rule, the palace served as the official residence of the Governor.

בראַניצקים וואונדערליכער פּאַלאַץ אין ביאַליסטאָק, אויסגעבויט אין יאָר 1703, לויט'ן מוסטער פון בארימטען פראַנצויזישען קעניגליכען פּאַלאַץ „ווערסאַיל". שפּעטער, ווען די שטאָט איז אריבער צו רוסלאַנד, האָט מען עס גערופען דעם „קייזערס פּאַלאַץ", מחמת די רוסישע קייסאָרים וואָס פלעגען אָפט קומען אויף „יאַגד" אין די ביעלאָוועזשער וועלדער, פלעגען איינשטיין אין דעם פּאַלאַץ. אין 1841 איז דער פּאַלאַץ פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן „אינסטיטוט פאר טעכטער פון אַדעללייט". אין די לעצטע יאָרען, אונטער דער פּוילישער מלוכה, איז דער פּאַלאַץ געווען דער וואוינאָרט פון דעם פּוילישען וואָיעוואָדע (גובערנאַטאָר).

# די שטאַם־פאָטערס פון ביאַליסטאָקער אינדוסטריע און מסחר
# THE FOUNDERS OF BIALYSTOK INDUSTRY AND COMMERCE



סענדער (אַלעקסאַנדער) בלאָך, מאַן פון מלכה רייזעל (דעם גביר'ס טאָכטער) וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ שיינער מיוחס'דיגער משפּחה פון ווילנע. געווען אַ איד אַ למדן און משכיל און גרויסער אונטערנעמער. ער האָט אין יאָר 1842 געגרינדעט די ערשטע טוך־פאַבריק אין ביאַליסטאָק און געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר דער טעקסטיל אינדוסטריע אין שטאָט. ער האָט אויך אין יאָר 1840 געגרינדעט דעם ערשטען אידישען שפּיטאָל. ער איז געשטאָרבען אין יאָר 1849 אין עלטער פון 39 יאָר.

SENDER (ALEXANDER) BLOCH, husband of Malka Reizel, came from a distinguished Wilna family. He was a great scholar as well as a great entrepreneur. He established the first textile factory in Bialystok in 1842, thus founding an industry for which Bialystok was to become famous throughout the world. He also organized the first Jewish Hospital in 1840. He died in 1849 at the age of 39.



מלכה רייזעל בלאָך, דעם גביר'ס עלטסטע טאָכטער, און די פרוי פון ר' סענדער בלאָך. זי איז געווען אַן אמת'ע אשת־חיל וואָס האָט איבערגענומען און געפירט איר מאַנ'ס גרויסע געשעפטען נאָכדעם ווי זי איז געבליבען אַ יונגע אלמנה. זי איז געשטאָרבען אין 1878.

MALKA REIZEL BLOCH, wife of Sender Bloch, was a woman of distinction. A widow at an early age, she managed her husband's extensive enterprises. She died in 1878.



ר' יצחק זאַבלודאָווסקי (איטשע דער גביר), וועלכער האָט געשטאַמט פון זאַבלודאָווע און האָט זיך באַזעצט אין ביאַליסטאָק אָנהויב פון 19־טען יאָרהונדערט. האָט געפירט גרויסע וואַלד־געשעפטען מיט דער רוסישער רעגירונג און געווען פאַררעכענט דעמאָלט פאַר'ן רייכסטען אידען אין רוסלאַנד. אַן אַלטמאָדיש־טראַדיציאָנעלער איד, און גרויסער בעל־צדקה, האָט אַוועקגעשענקט אַ סך געלט און נחלות פאַר אידישע פילאַנטראָפּישע צוועקען. ער איז געווען דער שטאַם־פאָטער פון דער שפּעטערדיגער פאַרצווייגטער און באַרימטער משפּחה פון גבירים, אינטעליגענטן און טאָן־געבערס אין שטאָט. ער איז געשטאָרבען אין 1865.

REB ISAAC ZABLUDOWSKY (known as the Wealthy Reb Isaac) came to Bialystok at the beginning of the 19th century and engaged in the lumber business with the Russian Government. In his day, he was Russia's richest Jew and donated much money and real estate to many charities. His descendants were among the wealthiest and most influential families in Bialystok. He died in 1865.



דעם גביר'ס פּאַלאַץ (ראָג וואַשליקאָווער און באַזאַרנע גאַס).
The Palace of Isaac Zabludowsky.

# באַרימטע ביאַליסטאָקער רבנים
# RENOWNED RABBIS OF BIALYSTOK





הרב ר׳ מאיר שמחה הכהן זצ״ל.
אַ סך יאָרען געזעסען און געלערענט
אין ביאַליסטאָק, שפּעטער געוואָרען
רב אין דווינסק (דינאַבורג). געווען
פאַררעכענט פאַר איינעם פון די
גרעסטע תלמודישע גאונים אין זיין
צייט. געש. 1927.

Rabbi Meyer Simcha HaCohen, resident of Bialystok for many years; was known as one of the most outstanding Sages of his generation; died in 1927.



הרב ר׳ שמואל מאָהילעווער זצ״ל,
באַגרינדער פון דער „חובבי ציון״־
באַוועגונג און פון „מזרחי״. אַן אומ־
דערשראָקענער קעמפער פאַר אמת און
יושר. האָט פיל ביינעטראָגען צו דער
פאַרשפּרייטונג פון ציוניזם אין דער
ברייטער אידישער וועלט. געש. 1898.

Rabbi Samuel Mohilewer, co-founder of the "Chovevei Zion," (Lovers of Zion) movement and of the Mizrachi; a fearless champion of every righteous cause; greatly instrumental in spreading of the Zionist ideal throughout the world; died in 1898.



הרב דר. גדליה ראָזענמאַן זצ״ל, אויבערראַבינער
אין ביאַליסטאָק פון 1920 ביז 1943, תלמיד־חכם
און געלערענטער, מחבר פון אַ וויכטיגען וויסענ־
שאַפטליכען ווערק איבער שחיטה. אומגעקומען
מיט אַלע אידען פון דער געטאָ אין יאָר 1943.

Rabbi Gedaliah Rosenman, Chief Rabbi of Bialystok from 1920 to 1943; great scholar and author of an important scientific book on Shechitah; perished with all the Jews of the Ghetto in 1943.



הרב ר׳ דוד פאַיאַנס, זצ״ל, איידעם
פון ר׳ חיים הערץ זצ״ל, ראש בית־דין.
גרינדער פון אַ רייע אָרטאָדאָקסישע
אינסטיטוציעס אין ביאַליסטאָק. פון
די הויפּט־פירער פון „מזרחי״ אין פּויי־
לען. געש. אין יאָר 1935.

Chief Rabbi David Fajans, son-in-law of Rabbi Chaim Hertz, was the founder of many orthodox institutions in Bialystok, and leader of the Mizrachi Organization in Poland; died in 1935.



ר׳ חיים הערץ הייל‌פּערן זצ״ל, זון
פון גרויסען גאון ר׳ ליפּא׳לע, געווען
איבער 50 יאָר רב אין ביאַליסטאָק.
אַ שטילער, בנעימות׳דיגער מענש,
וואָס איז געווען שטאַרק באַליבט ביים
פשוט׳ן פאָלק. געש. אין יאָר 1919.

Rabbi Chaim Herz Halpern, son of the Gaon Reb Lipe, was Rabbi of Bialystok for over fifty years; died in 1919.



הרב ר׳ שמחה מאלין זצ״ל
איבער 25 יאָר מיטגליד פון ראבינאט,
מחבר פון פיל ספרים. אומגעקומען
אין דער געטאָ אין 1943.

RABBI SIMCHAH MALIN

Member of the Rabbinate for more books. Perished in the Ghetto in 1943.



הרב ר׳ יואל גאָלדרייך זצ״ל
(בריסקער רבי), וועלכער איז געזעסען
יאָרענלאַנג אין דעם פולקאָוואָיען בית
מדרש און געלערענט (פאָטער פון דער
ניו יאָרקער טוערין יעטע לעף).
געשט. 1921.

RABBI JOEL GOLDREICH

(Brisker Rabbi), who studied for many years in the Pulkowojen Beth Medrash. Father of the active New York worker Yetta Leff. Died in 1921.



הרב הג׳ ר׳ נחומ׳קע זצ״ל
(דער „קאָברינער רבי"), וועלכער האָט
זיך זיין גאַנץ לעבן עוסק געווען אין
תורה און עבודה (שוויגער־פאָטער פון
הרב ר׳ מאיר שצעדראָוויצקי זצ״ל).
געשט. 1919.

RABBI REB NACHUMKE

(Kobriner Rabbi), who devoted his entire life to the study of the Torah and doing good deeds. Father-in-law of Rabbi Meyer Shtzedrowitzki. Died in 1919.



דער „אוהל" פון רב און גאון ר׳ ליי־
פעלע, אויפ׳ן אַלטען בית־עולם (אין
מיטען). רעכטס איז דער קבר פון גאון
הרב ר׳ אליקום געצעל; לינקס איז
דער קבר פון דעם גאון און צדיק ר׳
קלונימוס קלמן הכהן.

The Mausoleum of the Sage, Rabbi Lipele, in the "Old" Cemetery (center). On the right is the grave of Rabbi Elikum Getzel; on the left, that of the Sage, Rabbi Klonimus Kalman Hakohen.



דער „אוהל" פון הרב ר׳ חיים הערץ
היילפערין זצ״ל, אויפן „נייעם" באַג־
נאָווקער בית עולם. דער „אוהל" איז
געבויט געוואָרן מיט די מיטלען פון
ביאַליסטאָקער רעליף פון ניו יאָרק.

The Mausoleum of Rabbi Chaim Hertz Halpern on the "New" Bagnowker Cemetery, built with funds provided by the Bialystoker Relief of New York in 1922.

## HISTORIC BIALYSTOK SIGHTS . . .

## ביאַליסטאָקער אַלטערטימליכקייטען



די אַלטע ביאַליסטאָקער שוהל, אויפגעבויט
אין יאָר 1772. זי איז געשטאַנען ביז 1909,
ווען מען האָט אויף איר אָרט אויפגעבויט די
נייע מאָדערנע שוהל.

The Old Bialystok Synagogue, built in 1772, was replaced in 1909 with the new, modern house of worship.



די שוהל-גאַס. לינקס, דער ווייסער מויערל לעבען
דער שוהל, איז דער חיי אדם בית-מדרש.

The Shul-Street. The white-walled structure on the left, near the synagogue, is the "Çhaye Odom" Beth Midrash.



די נייע שטאָט-שוהל וואָס מען האָט אָנגעהויבען בויען
אין 1909 און פאַרענדיגט אין 1913.

The New Town-Synagogue, erected in 1913.



די עלטסטע אידישע געסעל אויפ'ן שוהלהויף. דאָס
איז די אַלטע באָד-געסעל. די הייזער זיינען אויפגעבויט
געוואָרען אין 18-טען יאָרהונדערט. (ביידע אויבערשטע
בילדער זיינען געמאָלען פון דעם ביאַליסטאָקער קינסטלער
י. ראָזאַנעצקי).

The Oldest Jewish Street in Bialystok, known as the "Bod Gesel." The houses were built in the 18th century. (from a painting by the well-known Bialystok artist I. Rozanetsky).

# פּיאָנערן פון אַלט-אידיש ביאַליסטאָק
## PIONEERS OF OLD-TIME YIDDISH BIALYSTOK



יעקב באַכראַך, למדן און משכיל, מחבר פון „אשתדלות עם שד"ל" און „הרמב"ם, שטתו ועקרי דעתו". געשטאָרבען אין 1899.

JACOB BACHRACH, scholar and author of several Talmudic works. Died in 1899.



קאָפּל היילפּערין (קאָפּל לייבקעס), נאָטאַריוס און שטאָט־מעקלער, באַוואוסטער חכם און וויצלינג.

KOPL HALPERIN (LEIBKES), public notary and the town's "go-between" on many deals, well known for his wisdom and ready wit.



אברהם טראָפּ, זייגערמאַכער, מאַטעמאַטיקער און פילאָזאָף, געווען געשעצט ביי אידען און גויים פאַר זיין געלערזאַמקייט.

ABRAHAM TROP, watchmaker, mathematician and philosopher, respected for his scholarliness by Jew and Gentile alike.



אהרן יעקב קלעמענטינאָווסקי, למדן, מאַטעמאַטיקער, מחבר פון „שאלות החשבון" און „מעשה החשבון". געשטאָרבען אין ביאַליסטאָק אין 1914, אין עלטער פון 84 יאָר.

AARON JACOB KLEMENTINOWSKI, scholar, mathematician, author of several works, died in 1914 at the age of 84.



אברהם־בער גאָטלאָבער, העברעאישער שריפטשטעלער, געשטאָרבען אין ביאַליסטאָק אין 1899, אין עלטער פון 88 יאָר.

ABRAHAM BER GOTTLOBER, Hebrew poet and writer, died in 1899 at the age of 88.



אליעזר האַלבערשטאַם, פאָטער פון השכלה אין ביאַליסטאָק, דעם „גבירים" איידעם, פאַבריקאַנט, העברעאישער דיכטער. געשטאָרבען אין ביאַליסטאָק אין 1899, אין עלטער פון 81 יאָר.

ELIEZER HALBERSHTAM, industrialist, father of the "Haskalah" movement in Bialystok, Hebrew poet. Died in 1899 at age of 81.

# פיאָנערן פון אַלט-אידיש ביאַליסטאָק
# PIONEERS OF OLD-TIME YIDDISH BIALYSTOK



דר. שלמה שילער
(בלאַנקשטיין)
העברעאישער שריפטשטעלער און דענ־קער, רעדאַקטאָר פון „המגיד". געווען דירעקטאָר פון דער העברעאישער גימ־נאַזיע. געשטאָרבען אין ירושלים אין 1926.

Dr. Solomon Shiller
(Blankstein)
Hebrew writer and thinker, editor of the Hebrew journal "Hamagid." He was the director of the Hebrew High School in Jerusalem. Died in 1926.



מנחם מ. דאַווידזאָן
העברעאישער דיכטער און לערער פון שפּראַכען, געווען אַ שאַרפזיניגער וויצ־לער און סאַטיריסט. געשט. 1917.

Menachem M. Davidson
Hebrew poet and teacher of languages. He had a talent for witticism and satire. Died in 1917.



פסח קאַפּלאַן
שריפטשטעלער, קולטור־טוער, רעדאַק־טאָר פון דער ביאַליסטאָקער צייטונג „אונדזער לעבען", מחבר פון אַ צאָל וויכטיגע ווערק אין העברעאיש און אידיש. געשטאָרבען אין ביאַליסטאָ־קער געטאָ אין 1943. זיין טאָג־בוך פון לעבען אין געטאָ מיט וויכטיגע דאָקומענטאַציע־מאַטעריאַלען געפונען און פאַרעפענטליכט (טיילען פון אים אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע" אין ניו יאָרק).

Pesach Kaplan
Writer, cultural leader, editor of the Bialystoker newspaper "Undzer Leben," writer of several important works in Hebrew and Yiddish. Died in the Bialystoker Ghetto in 1943. His diary of his life in the Ghetto with important documents were subsequently found and published (partly in the "Bialystoker Shtimme" in New York).



אברהם־שמואל הערשבערג
היסטאָריקער און פאָרשער, העברע־איש־אידישער שריפטשטעלער, מחבר פון מאָנומענטאַלען ווערק „פנקס ביאַ־ליסטאָק" און אַנדערע וויסענשאַפט־ליכע אַרבעטען, גרינדער פון „חובבי שפת עבר". אומגעקומען אין דער ליקווידאַציע פון געטאָ, 1943.

Abraham Samuel Hershberg
Historian and researcher, Hebrew-Yiddish writer, author of the exhaustive monumental work "Pinkos Bialystok" and other scientific works; organizer of a Hebrew Language Society. Perished in the liquidation of the Ghetto in 1943.



אלעזר אַטלאַס
העברעאישער שריפטשטעלער און קרי־טיקער, רעדאַקטאָר פון „הכרם". גע־שטאָרבען אין 1903.

Elazar Atlas
Hebrew writer and critic, editor of the Hebrew journal "Hakedem." Died in 1903.

# שטאָט-פירער, בעלי צדקה
# אין
# דער אַמאָליגער ביאַליסטאָק

# COMMUNAL LEADERS AND PHILANTHROPISTS IN BY-GONE BIALYSTOK



פאַלק קעמפּנער

משכיל און סוחר. איניציאַטאָר פון דער קאָמערץ־שולע. מיט־גרינדער פון דער האַנדווערקער־שולע און באַנק פאַר האַנדל און אינדוסטריע. „וויבאָרשטשיק" צו דער ערשטער „גאָסודאַרסטווע־נער דומע".

FALK KEMPNER

Intellectual and merchant; initiator of the School of Commerce; co-founder of the Trade School and the Bank of Commerce and Industry; Elector to the "First Duma."



קאָפּעל זאַלקינד

פּיאָנער פון דער לעדער־אינדוס־טריע אין ביאַליסטאָק. כלל־טוער, בעל צדקה און גרינדער פון אַ רייע אינסטיטוציעס. געשטאָרבן אין 1905.

KOPEL ZALKIND

Pioneer of Bialystok's leather industry, benefactor and founder of a number of institutions; passed away in 1905.



יחיאל בער וואָלקאָוויסקי

גרויסער סוחר, גביר און בעל־צדקה. איבער 50 יאָר געווען דער הויפּט־פירער פון שטאָט. געשטאָרבן אין 1903.

YECHIAL BER WOLKOWISKI

Great merchant, man of wealth and benefactor; for more than half-century Bialystok's most outstanding community leader.



זלמן וויינרייך

כלל־טוהער פאַר 50 יאָר צייט, מיטגרינדער פון אַ סך אינסטי־טוציעס. געווען אַ לאַנגע צייט פאַרבונדען מיט דער רוסישער מלוכה־באַנק, און באַקומען מע־דאַלען און אָרדענס פאַר אויס־געצייכנטער אַרבעט.

ZALMAN WEINREICH

Active in public life for half century; co-founder of many institutions; associated for many years with the Russian State Bank and recipient of medals and awards for outstanding work.



אברהם טיקטין

סוחר און משכיל; פאַרעפנט־ליכט אַ סך אַרטיקלען אויף גע־זעלשאַפטליכע און וויסענשאַפט־ליכע טעמעס, געווען פאָרזיצער פון דעם „ועד הקהל" (1916־18), פון „פייען־באַנק" און אַנדערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס.

ABRAHAM TIKTIN

Merchant and scholar; wrote many articles in Hebrew, Yiddish and Russian on scientific and public issues; one of the most active of public figures during the First World War.

# שטאָט פירער און בעלי צדקה אין דער אַמאָליגער ביאַליסטאָק

# COMMUNAL LEADERS AND PHILANTHROPISTS IN BY-GONE BIALYSTOK



אָסוואַלד טרילינג

זון פון ישראל טרילינג, גרויס־אינדוסטריאַ־ליסט, באַזעסען די גרעסטע טעקסטיל און רעקען פאַבריקען אין ביאַליסטאָק און אין מאָסקווע. באַוואוסטער נדבן, געשטיצט אַלע אינסטיטוציעס. איצט אין קאַליפאָרניע.

OSWALD TRILING

Son of Israel, industrialist, owner of the largest textile factories in Bialystok and Moscow. Well-known philanthropist, supporter of all institutions. Resides now in California.



חנן זילבערבלאַט

טעקסטיל פאַבריקאַנט און כלל־טוהער. פאָרזיצער פון „צדקה גדולה", פון קהלה־ראַט און דער עהרען־פאָרזיצער פונ'ם מושב זקנים.

H. ZILBERBLATT

Textile manufacturer and communal worker. Chairman of the "Public Charity" society; Chairman of Kehila Council and Honorary Chairman of the Old Age Home.



מרדכי גאָרדאָן

גרעסטער גביר און בעל־צדקה ; אַ מיוחס און משכיל ; געפירט קאָלאָסאַלע געשעפטען מיט די גרעסטע פירמעס פון רוסלאַנד און אויסלאַנד. גרינדער און אונטערשטיצער פון פיל אינסטיטוציעס אין ביאַליסטאָק. ער איז געשטאָרבען אין מאָסקווע אין 1817. (זען אינ־טערעסאַנטען ביאָגראַפישען אַרטיקעל פון ש. ל. ראַבינאָוויטש אין „ביאַליסטאָקער שטימע" נומ. 259).

MARKUS GORDON

Well-to-do philanthropist; an aristocrat and intellectual; conducted large enterprises with the largest firms in Russia and in foreign countries. Died in Moscow in 1917. (See "Bialystoker Stimme," No. 259, for an interesting biographical sketch by S. L. Rabinowitz.)



ישראל טרילינג

טוך און רעקען פאַבריקאַנט ; גרינדער פון דער טעקסטיל־פירמע „טרילינג און זין". אַוועקגעשענקט גרויסע סומען געלט פאַר צדקה. געשטאָרבען אין מענטאָן, פראַנקרייך, אין 1914.

ISRAEL TRILING

Textile manufacturer, founder of the textile firm "Triling and Son." Contributed large sums of mone to charity. Died in Menton, France, in 1914.



שמואל ציטראָן

טעקסטיל - פאַבריקאַנט כלל־טוהער, מיטגרינדער פון „צדקה גדולה" און מיטבויער פון „נייוועלט בית־מדרש". פאָטער פון סעמיאָן און חיים ציטראָן, איצט אין ניו־יאָרק, און פון מאַשאַ מאַריין אין מאָנטרעאָל.

SAMUEL CITRON

Textile manufacturer and founder of the textile firm the Charity Fund and co-builder of the "Neiwelt Beth Hamidrash." Father of Semion and Chaim Citron, now in New York, and Masha Marein of Montreal, Canada.

# טיפּען און געשטאַלטען פון אַמאָליגע בעלי־בתים, לומדים און משכילים
# PROMINENT BIALYSTOKER CITIZENS AND INTELLECTUALS



ר׳ אשר טאָפּאָלסקי

אייגענטימער פון דעם גרויסען גלאָז־געשעפט, גרינדער פון „מאכל כשר", מיטארבעטער אין אַנדערע ביאַליסטאָקער צדקה־אינסטיטוציעס. געשטאָרבען אין ישראל אין 1926.

ASHER TOPOLSKY

Proprietor of the large glassware concern; active in many charitable institutions; died in Israel in 1926.



ר׳ משה סאָהן

(פאָטער פון דוד סאָהן), למדן, משכיל און עסקן בצרכי ציבור, גבאי פון פּוזשעס בית־המדרש. געשטאָרבען אין ניו יאָרק אין 1923.

MOSES SOHN

(Father of David Sohn), scholar and outstanding orthodox leader; gabbai of "Puzhes Beth Hamedrash," died in New York in 1923.



ר׳ איטשע וויינשענקער

(ווײדענבוים), למדן און דרשן, האָט אַמאָל געוואונען דאָס גרויסע געווינס (100 טויזענט רובעל), שפּעטער געהאַט די הויפּט־קאָלעקטור פון „צעטלען" פאַר׳ן גאַנצען אומגעגענט. די „ווײדענבוים אַגענטור" איז געבליבען אַ ירושה פאַר די קינדער ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה.

ITCHE WEINSHENKER

(Weidenbaum) scholar and preacher; one-time winner of the Grand Lottery Prize of 100,000 rubles; later operated the head agency for distribution of lottery tickets. The "Weidenbaum Agency" was carried on by his children until the last World War.



ר׳ גרשון העפנער

גביר און בעל־צדקה, אַוועקגעשענקט זיין מויער און הויף אויף יוראָווצער גאַס פאַר „עזרת יתומים". געשט. אין 1903.

GERSHON HEFNER

Wealthy and charitable, donated his house and courtyard on Urowtzer Street for an orphanage; died in 1903.



ר׳ פייוועל בלאָך

טוך־פאַבריקאַנט, משכיל און אַקטיווער גבאי פון „לינת הצדק", צדקה גדולה און חברה קדישא, שוואָגער פון באַוואוסטען גביר מרדכי גאָרדאָן.

FEIWEL BLOCH

Textile manufacturer, intellectual and active gabbai of Linas Hatzedek, and other benevolent societies; brother-in-law of the famous financier Mordecai Gordon.



ר׳ משה חסיד (קאסאווסקי), וועלכער איז געזעסען ימים ולילה אין בית מדרש און געלערענט. (פאטער פון ניו יארקער טוער, לואיס קאסאווסקי).

Reb Moshe Chosid (Kosowsky) who could always be found studying in the Beth Medrash. He was the father of the well known Louis Kosowsky of New York.



ר׳ משה בערל בעזים, אן עסקן בצרכי ציבור אין שטאט און פון די גרינדער פון „לינת הצדק״. געווען די רעכטע האנט ביי דר. כאזאנאווויטש.

Reb Moshe Berl Bezim was well known for his readiness to help all those in need; he was one of the organizers of "Linas Hatzedek," and chief aide of Dr. Chazanowitz.



ר׳ שלמה טאנקוס, א חסיד פון קאר־לינער שטיבל, וואס פלעגט ארומגיין צונויפקלייבן ביינער און פעדערען, און פון דער הכנסה אויפגעהאלטען א כשר׳ע קיך פאר אידישע סאלדאטען. (פאטער פון פארשטארבענעם טוער מארים טאנקוס פון שיקאגא).

Reb Shlomo Tankus, a "chasid" of the Karliner Rabbi, who collected rags and used the proceeds to maintain a Kosher kitchen for Jewish soldiers. He was the father of the deceased Morris Tankus of Chicago.



ר׳ זלמן פארבער, שמש אין פושעס בית־מדרש, בעסער באוואוסט אלס „ר׳ זלמן מגיד״, צוליב זיין מגידות און באזונדערס צוליב זיינע הספדים. ער איז געווען דער פאטער פון ניו יארקער משכיל און שריפטזעצער מר. איזידאר פיינגאלד.

Reb Zalman Farber, Sexton of "Puszes Beth Medrash" was generally known as "Reb Zalman the Preacher" for his orations, and especially for his eulogies. He was the father of the New York typesetter, Isadore Feingold.

# בארימטע ביאַליסטאָקער חזנים
# RENOWNED CANTORS OF BIALYSTOK



חזן מאיר פאָדראַבינעק
שטאָט־חזן אין ביאַליסטאָק, ווילנע און לאָדז (איצט אין ניו־יאָרק).

Cantor Meyer Podrabinek
City-Cantor in Bialystok, Wilna and Lodz. Now in New York.



חזן משה באַס
(ראַבינאָוויטש)
געווען שטאָט־חזן אין דער ביאַליסטאָקער שטאָט־שוהל פון יאָר 1880 ביז 1908.

Cantor Moshe Bass
(Rabinowitz)
Served as cantor in the Bialystok City Synagogue from 1880 to 1908.



חזן נ. ווילקאָמירסקי
חזן אין ביאַליסטאָקער כאָר־שוהל 1903—1917 (איצט אין קאַליפאָרניע).

Cantor N. Wilkomirsky
Cantor in the Bialystoker Kor Shul, 1903-1917, now in California.



חזן צבי גראָכאָווסקי
איצט אין פערט, אויסטראַליע.

Cantor Zvi Grochowsky
Now in Pert, Australia.



חזן אלי באָרוכאָוויטש
געווען חזן אין ביאַליסטאָקער שטאָט־שוהל, איצט אין אַרגענטינע.

Cantor Ely Boruchowitz
Former cantor in the Bialystok City Synagogue, now in Argentina.



## פּראָפ. א. זאַלודקאָווסקי, ע״ה

געוועזענער אויבערקאַנטאָר פון דער ביאַליסטאָקער כאָר־שוהל, מחבר פון חזנ׳ישען לעקסיקאָן „קולטור־טרעגער פון אידישער ליטורגיע“ און אַ צאָל וואָגיגע מוזיקאַלישע ווערק. נפטר געוואָרען אין פּיטסבורג אין 1943. געווען דאָרט ־קאַנטאָר פון טעמפּעל „בית שלום“. אַרויסגעגעבען אַ צאָל תלמידים, אָנערקענט־געוואָרענע חזנים מיט וועלט־נעמען, צווישען זיי אויך זיין תלמיד מובהק, דער חזן הדור משה קוסעוויצקי.

### Prof. A. Zaludkowski

Former head Cantor of the Bialystoker Korshul, author of the Cantors' Lexicon on Jewish Liturgy and a number of other important musical works. Died in Pittsburgh in 1943. Was Cantor in Pittsburgh Temple "Beth Sholom." Among his students were many famous cantors, including the greatest today, Moshe Kusewitzki.

## רעווערענד נ. סטאָלניץ

געזונגען אין דער פריער יוגענד אין ביאַליסטאָק ביי בערמאַן ע״ה און איינצייטיג געלערענט אין דער דאָרטיגער ישיבה. געפינט זיך איצט אין קאַנאַדע און איז דער עקז. דירעקטאָר פון חזנים־פאַרבאַנד אין טאָראָנטאָ, און בכלל אַקטיוו אויך אינ׳ם אַלגעמיינעם אידישען קולטור־געזעלשאַפטליכען לעבען פון לאַנד, באַטייליגענדיג זיך אויך אין דער פּרעסע מיט ליטורגישע און אַלגעמיינע באַלערענדע אַרטיקלען.

### Reverend N. Stolnitz

Sang in his early youth in Bialystok with Berman while studying in the Yeshivah there. Is now the executive director of the Cantors Farband in Toronto, Canada. Is very active in the communal and cultural life in Canada and writes in the Yiddish press on liturgical and musical subjects.



באַרימטער חזן דוד קאַטצמאַן (איצט אין קליוולאַנד) מיט׳ן גרויסען כאָר אין דער ביאַליסטאָקער שטאָט־שוהל. — רעכטס פון אים איז דער חזן שני, ר׳ אליהו; לינקס איז דער כאָר־דיריגענט, ה׳ פּאָרטנאָי.

Famous Cantor David Katzman (now in Cleveland) with the Great Choir in the Bialystoker Synagogue. On his right is the Assistant Cantor, Reb Eliahu; on the left is the Choir Leader, H. Portnoy.



CANTOR WILKOMIRSKY COMPOSER, AND CHOIR LEADER BERMAN (*right*), WITH THE CHOIR IN THE KORSHUL IN 1910.

*Seated, from right to left, are the Gaboim*: Ilya Zabludowski, Abraham Tiktin, Counsellor Berkman. Standing at the extreme left is the Sexton Isaac Tchachkowski ("Isaac the Beard").

חזן ווילקאָמירסקי און דיריגענט יעקב בערמאַן (רעכטס) מיט'ן כאָר אין קאָרשול אין יאָר 1910. — עס זיצען די גבאים, פון רעכטס צו לינקס: איליא זאַבלודאָווסקי, אברהם טיק־טין, אַדוואָקאַט בערקמאַן. לינקס, ביים ברעג, שטעהט דער שמש אייזיק טשאַטשקאָווסקי („אייזיק די באָרד").



CANTOR BONIUFKA AND THE CHOIR IN THE KORSHUL IN 1936.

*In back row, standing, right to left*: Shewitze, Pinchas Friedman, Nisht, Zlowne, Shulsinger, Isak Krewitzki, A. Schwartz, and the choir leader Portnoy. On the wall is the photograph of the deceased former choir leader Berman.

חזן באָניופקא מיט'ן כאָר אין קאָרשול אין 1936.

פון רעכטס צו לינקס, אויבערשטע רייע, שטייען: זשעווויצע, פנחס פרידמאַן, נישט, זלאָוונע שולזינגער, איזאַק קרעווויצקי, א. שוואַרץ און דער דיריגענט פּאָרטנאָי. אויפ'ן וואַנט זעהט מען דאָס בילד פון פריערדיגען פאַרשטאָרבענעם דיריגענט בערמאַן.

# טיפּען פון שעהנע אידישע פאָלקס-מענשען, פאַך-מייסטערס און בעלי-מלאכות אין ביאַליסטאָק

## CHARACTERISTIC TYPES OF JEWISH CRAFTSMEN IN BIALYSTOK



ר׳ לייזער קאָסאָווסקי

טוך־פאַבריקאַנט, ברודער פון עהרן־
פרעזידענט פון ביאַליסטאָקער האָום
אין ניו יאָרק, באַרנעט קעס.

Reb Leizer Kosowski

textile manufacturer, brother of the Honorary President of the Bialystoker Center in New York, Barnett Kass.



ר׳ ישראל אייזיק איידאַק

בוי־אונטערנעמער פון א סך בנינים.
פאָטער פון לואי איידאַק און שוויגער־
פאָטער פון דער ניו־יאָרקער טוערין
איידאַ איידאַק.

Reb Israel Isaak Aidak

Leading building contractor, father of Louis Aidak and father-in-law of our active New York member, Ida Aidak.



ר׳ דוד קאַנצעפּאָלסקי

טעקסטיל ספּעציאַליסט און פאַבריק־
דירעקטאָר. פאָטער פון הרב ר׳ יוסף
קאַנצעפּאָלסקי פון ברוקלין.

Reb David Kantzepolski

Textile expert and plant manager. Father of Rabbi Joseph Kantzepolski of Brooklyn.



ר׳ חיים לייב סולקעס

שניידער באַלעבאָס. אָרטאָדאָקסישער
טוער און ראַטמאַן פון קהלה.

Reb Chaim Leib Sulkes

Master tailor, orthodox leader and Councilman of the Kehillah.



ר׳ לייזע׳ר ביאַלאָסטאָצקי
(דער „לאַמעד־וואָווניק")

געווען אַן אָרימער מוליער, אָבער אַ
למדן און מקובל, וואָס פלעגט פון זיי־
נע אָרימע פאַרדינסטען שטיצען בסתר
נויטלײדענדע מענשען. געשטאָרבען
אין 1931.



לייבעל מינעס

בוי־אונטערנעמער, גבאי פון
אַרגענטינער בית־מדרש.

Leibel Minnes

Building contractor, Gabai of the Argentine Synagogue.

## טיפּען פון שעהנע אידישע פאָלקס-מענשען, פאַך-מייסטערס און בעלי-מלאכות אין ביאַליסטאָק
## BIALYSTOKER MASTER CRAFTSMEN AND LEADING CITIZENS



העניאַך ביאַליסטאָצקי

דער „וואָיעננער שניידער", אויף וועמענס נאָמען עס עקזיסטירט אַ פאַמיליע-פאַראיין אין בראָנזוויל, נ. י.

HENACH BIALYSTOTZKI

A master tailor in whose name a family circle was organized in Brooklyn, N. Y.



יעקב זאב ליטוואַק

אַ בעקער-באַלעבאָס. שוויגער-פאָטער פון דער טוערין רעי גאָלדמאַן, פון די בראָנקס.

JACOB ZEV LITWACK

A leading baker, father-in-law of our active member, Mrs. Ray Goldman of Bronx, N. Y.



יאָסעל טעכערט

(יאָסל דער שערער), פאָטער פון דער טוערין ליבע גראָכאָווסקי פון ברוקלין און דער זיידע פון די וויינער'ס פון פעטערסאָן, נ. דזש.

YOSEL TECHERT

(Yosel the Barber) father of our active member Mrs. Liba Grochowski of Brooklyn.



ר' אברהם יצחק גערינג

גרינדער פון תורת חיים בית המדרש. זיינע קינדער זיינען טעטיג אין דער ניו יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט.

ABRAHAM ISAAC GERING

Founder of the Toras Chaym Beth Medrash. His children are active in the New York landsmanshaft.



שלמה גאָניאָנדזקי

אַ מאַליער-באַלעבאָס

SOLOMON GONIONDZKI

Master painter.



אייזיק דער בערשטער

(קושנער)

פאָטער פון ניו יאָרקער טוער וויליאַם אייבראַמסאָן.

ISAAC THE BRUSH-MAKER

(Kushner)

Father of our active leader, William Abramson of New York.

# עטליכע פרויען־פּאָרטרעטען פון ביאַליסטאָקער אידישען יחוס
# PORTRAITS OF WOMEN OF BIALYSTOKER JEWISH ARISTOCRACY



שרה צביה ראַפּאָפּאָרט ע"ה
א באַליבטע פערזענליכקייט אין שטאָט פאַר איר גוטסקייט און צדקות לטובת די אָרימע און אומגליקליכע. זי איז געווען די פרוי פון דעם באַוואוסטען באַלעבאָס, למדן און יחסן ר' אברהם זלמן ראַפּאָפּאָרט ע"ה און די מוטער פון שריפטשטעלער י. ראַפּאָפּאָרט.

SARAH TZIVYA RAPOPORT
A beloved personality and famous for her kindness and charitable good deeds to the poor and unfortunate. She was the wife of the famous citizen and scholar, Abraham Zalman Rapoport, and the mother of the writer, I. Rapoport.



שרה ריבאַלאָווסקי ע"ה
באַוואוסט אלס „שרה פון באַן", צוליב דעם איינפאַר־הויז וואָס זי האָט גע־האַט לעבען וואָקזאַל. אַן אמת'ע אשת חיל און בעלת צדקה. געשט. 1925.

SARAH RYBALOWSKI
Known as "Sarah from the Railroad." She was the owner of the hotel near the station; well-known for her many charities and good deeds; died in 1925.



די רביצין מרים פאַיאַנס ע"ה
די פרוי פון ביאַליסטאָקער ראש בית־דין הרב ר' דוד פאַיאַנס זצ"ל. זי איז געווען די טאָכטער פון הרב ר' חיים הערץ הייל‏פּערן זצ"ל און אייניקעל פון באַרימטען גאון הרב ליפּא הייל‏פּערן זצ"ל.

REBETZIN MIRIAM FAJANS
Wife of the Rabbi, David Fajans, chief of the Jewish Court. She was the daughter of Rabbi Ch. H. Halpern and granddaughter of Rabbi Lipa Halpern.



פייגעלע גאָרדאָן ע"ה
א גרויסע מיוחסת און פרוי פון דעם באַוואוסטען גביר ר' מרדכי גאָרדאָן. זי האָט גע'שם'ט אין שטאָט מיט איר צדקה און מעשים טובים.

FEIGELE GORDON
Socialite and wife of the well-to-do Reb Mordecai Gordon. She was known for her kindness and charitable deeds.



רעגינאַ טרילינג ע"ה
די פרוי פון באַוואוסטען ביאַליסטאָ־קער אינדוסטריאַליסט און פילאַנטראָפּ אָסוואַלד טרילינג און די טאָכטער פון דעם אמאָליגען ביאַליסטאָקער גביר און כלל־טוער לעאָן זאַקהיים. זי איז גע־שטאָרבען אין קאַליפאָרניע אין 1949.

REGINA TRILING
Wife of the well-known Bialystok industrialist and philanthropist, Oswald Triling, and daughter of the one-time Bialystok wealthy communal leader, Leon Zakheim. She died in California in 1949.

# אַמאָליגע אשת-חייל אין ביאַליסטאָק
## ONE-TIME OUTSTANDING WOMEN OF BIALYSTOK



**זלאַטע באַרשצעווסקי**
די ישוב'ניצע פון איגנאַטקי ביי ביאַ־
ליסטאָק, די מוטער פון אונזער ביאַ־
ליסטאָקער טוער העריי גראַף.

ZLATE BARCHEWSKY
Mother of our active member Harry Graff.



**פּעשע לעווין**
די מעלשיינקערקע פון גומיענער גאַס
האָט געלעבט 104 יאָר, געשט. 1910.

PESHE LEVINE
Of Gumiener Street, lived to the ripe old age of 104. Died in 1910.



**צביה ביאַלאָסטאָצקי**
די מוטער פון אונזערע טוער לואיס
ראָזענבערג (ברוקלין) און דזשאָ ראָ־
זענבערג (פּעטערסאָן, נ. דזש.).

IZIVYA BIALOSTOTZKI
Mother of our active members Louis Rosenberg of Brooklyn and Joe Rosenberg of Paterson, N. J.



**ראַשע גאָלדמאַן**
„ראַשע די בעקערקע", שוויגער־מוטער
פון אונזער בראָנקסער טוערין רעי
גאָלדמאַן.

RASHE GOLDMAN
"Rashe the Baker," mother-in-law of Bronx member Ray Goldman.



**אסתר דאַווידאָווסקי**
מוטער פון ניו יאָרקער טוער לואיס
דייוויס, טרעזשורער פון ביאַליסטאָ־
קער צענטער.

ESTHER DAVIDOWSKY
Mother of our active member Louis Davis, treasurer of the Bialystoker Center.



**מאַשע „די גענזלערקע"**
מיט איר אייניקעל פריידעל (איצט
מרס. סאָקאָלסקי, לייבעל אַראָנערס
טאָכטער, בראָנקס).

# אַמאָליגע אשת-חייל אין ביאַליסטאָק

# ONE-TIME OUTSTANDING WOMEN OF BIALYSTOK



איטקע טעכערט

פרוי פון יאָסעל דעם שערער און מוטער פון דער טוערין ליבע גראָ־כאָווסקי, ברוקלין.

ITKE TECHERT

Wife of Yosel the Barber and mother of Liba Grochowsky of Brooklyn, N. Y.



די „באָבע לאה"

פון די רובינס פון מילוואָקי, וועלכע האָט געלעבט 104 יאָר און אַלץ גע־וואַרט אויפ'ן רוסישען צאַר'ס מפלה און לײדער זיך דערוואַרט איר איי־גענעם טויט אין דעם ביאַליסטאָקער פאָגראָם.

THE "BOBA LEAH"

Of the Rubin's from Milwaukee, who lived to be 104 years old and waited for the downfall of the Czar but unfortunately succumbed in the Bialystoker pogrom.



מלכה גאָניאָנדזקי

טאָכטער פון אַמאָליגען עסקן און וויצלינג ליבעל גאָניאָנדזקי.

MALKAH GONIONSKI

Daughter of the former communal worker and town's wit, Leibl Gonionski.



פרידע קושנער

מוטער פון ניו יאָרקער טוער וויליאַם אייבראַמסאָן.

FRIEDA KUSHNER

Mother of William Abramson of New York.



מערי מייזעל

די מוטער פון דער ניו יאָרקער טוערין ראָזע ליפּמאַן.

MARY MEIZEL

The mother of Rosa Lipman of New York.

# ביאַליסטאָקער גאַסען און בנינים

לאָמיר מאַכען אַ שפּאַציר איבער די ביאַליסטאָקער הויפּט־גאַסען, אָט דאָרט וואו עס האָט געקאָכט און געשפּרודעלט מיט אידיש לעבען און טעטיגקייט ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה. די גאַסען און בנינים, אינדוסטריעס און געשעפטען וואָס אידישע אַרבייט און פליים האָבען אויפגעבויט אין משך פון דורות, און וואָס איז אַלין אַזוי טראַגיש אַוועק מיט איין מאָל אין רויך און אין פלאַם צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה אידען פון ביאַליסטאָק.




## דער וואָקזאַל

דער ביאַליסטאָקער וואָקזאַל איז געווען פון די גרעסטע און שעהנסטע אין פּוילען. פון דאַנען זיינען ביאַליסטאָקער אידן און זייערע אויסגעאַרבעטע סחורות געגאַנגען איבער דער גאַנצער וועלט. ביאַליסטאָק איז געווען אַ צענטראַלע סטאַנציע מיט פאַרבינדונגען אין פאַרשיידענע ריכטונגען פון אינלאַנד און אויסלאַנד. דער וואָקזאַל איז אויך פאַרבליבען טרויעריג באַרימט דורך דער הריגה פון אַ צאָל אידען וואָס זיינען אַרויסגעשלעפּט געוואָרען פון די אָנקומענדע באַנען אין צייט פון ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, אין יאָר 1906, און דערמאָרדעט געוואָרען פון די וואָקזאַל־און באַן־אָנגעשטעלטע.

THE RAILROAD STATION—The Bialystok Railroad Station was among the largest and most beautiful in all of Poland. From there, products of Bialystok went to all corners of the globe.




## אָנהויב נאָוואָליפּיע, ביים קיסר'ס טויער

פון וואָקזאַל, דורך שאָסעינע גאַס, קומט מען צו אָנהויב נאָוואָליפּיע, וואו ס'איז געשטאַנען ביז צו דער מלחמה דער קיסר'ס טויער, אויפגעשטעלט אין 1897, ביי דעם צאַר ניקאָלאַי'ס באַזוך אין ביאַליסטאָק. די נאָוואָליפּיע־גאַס פירט צום צענטער פון שטאָט. פון ביידע זייטען גאַס שטייען שיינע געמויערטע פּריוואַטע מויערען און קהל'שע בנינים. דאָ האָט זיך געפונען דער קריסטליכער שפּיטאָל און די באַרימטע אידישע האַנטווערקער־שולע, די בנינים פון דער קהלה און די געביידע פון דער פרייוויילקער פייער־לעשער געזעלשאַפט.

THE BEGINNING OF NOWOLIPIE STREET, AT THE KING'S GATE—From the Railroad Station, one arrives at the beginning of Nowolipie Street, where, till the war, stood the King's gate, erected in 1897. Nowolipie Street led directly to the center of the city. On both sides of the street were some of the finest structures of the city as well as many public buildings.




**שמאָלע נאָוואָליפּיע**

דאָס איז דער טייל נאָוואָלי־
פּיע וואָס הייבט זיך אָן פון
דער רוסישער צערקווע ביז'ן
אָנהויב מאַרק־גאַס (באַזאַר־
נע). דאָ איז געווען דער
סוחר'ישער נערוו פון דער
אידישער ביאַליסטאָק. רייכע
געשעפטען און קראָמען צווי־
שען וועלכע ס'האָט זיך אויך
געפונען וואָראָשילסקי'ס באַ־
רימטער צירונג־געשעפט וואָס
האָט חתונה געמאַכט האַלב
ביאַליסטאָק מיט זיינע גאָל־
דענע חופּה וקידושין פינ־
גערלעך... ביים ראָג נאָוואָ־
ליפּיע און מאַרק־גאַס, אין
זאַבלודאָווסקי'ס הויז, איז
געווען דער גוט־באַקאַנטער
„גרעק" מיט זיינע געשמאַ־
קע „טשאַסטעס" און אַנדערע
געבעקסען.

Narrow Nowolipie—was the principal commercial center. Here was the famous Woroshilsky jewelry store, where many young couples came to purchase their wedding rings.

**סוף נאָוואָליפּיע**

דער טייל נאָוואָליפּיע האָט
זיך געפונען צווישען גומיע־
נער און באַזאַרנע. דאָ איז
געווען אַ האַנדעלס־פּונקט
פון באַקאַנטע אידישע פיר־
מעס. רעכטס אַרויף איז גע־
ווען דער גרויסער גלאָז־גע־
שעפט פון אשר טאָפּאָלסקי,
לעבן אים — דער „מאַקאַ־
דאָנעץ" מיט די „בוזאַ" און
כאַלוואַ. ווייטער אַראָפּ זיי־
נען אויך געווען די אַמאָל־
באַוואוסטע געשעפטען פון
לאַפּין, „טשאַרני זשידעק",
ראָזענבלום, גאַלאַי און אַ סך
אַנדערע. לינקס אויף דער
מאַרק־זייט זעט זיך די גע־
שניצטע הילצערנע בודקע
פון סאָרינ'ס שפּילצייג גע־
שעפט מיט'ן שילד אין רו־
סיש: „איגרושעק".




The End of Nowolipie—quartered many other well-known shops in Bialystok.




**מאַרק־גאַס, ראָג צווייטע גומיענער**

כוואַטסקע איזוואָזשטשיקעס אויף רעזינקעס, האָרעפּאַשנע פורמאַנעס אויף קליינשטעטלדיגע דראָנגאָווע וועגענער, הענדלערקעס פון עופות און פיש, פּאַרקויפערינס פון באַרנעס און עפּעל, „ווי זאַפּטיגער וויין, וואָס דער קיסר מעג דאָס עסען", און דער פאַרגרעבטער רוסישער גאָרדאָוואָי, וואָס יאָגט זיך נאָך „אַ בלאַטען". דאָ איז אויך פאַראַן די אידענע מיט די גרעטשענע אולניקלעך, און דער איד פון די יאָנדרעס, געפּאַרעטע אַרבעס און באָב.

MARKET STREET, CORNER SECOND GUMIENER—where the small merchants and dealers made their quarters.

די
„שיסעל"
(אַ פאָנטאַן)
אין
צענטער שטאָט.

רעכטס
זעט מען
דעם פוילישען
קאָשציאָל.

THE FOUNTAIN IN THE CENTER OF TOWN.

THE POLISH CHURCH CAN BE SEEN AT THE RIGHT.





**סוראַזער גאַס און שולהויף**

א בליק פון באַלקאָן פון „קאַלענטשאַ" (שטאָט־זייגער) איבער דעם געדיכט־באַפעלקערטען קוואַרטאַל. — אין פראָנט, לענגאויס, זעט מען די באַרימטע סוראַזער גאַס, וואו ס'איז געווען דער צענטער פון רעוואָלוציאָנערען קאַמף קעגען רוסישען צאַר, און די בירזשע פון די אידישע אַרבעטער־פּאַרטייען. די גאַס ציט זיך ביז די פּיאַסקעס. לינקס איז דער שולהויף מיט דער שטאָט־שול אין צענטער, און וואו ס'האָבען זיך אויך געפונען אַ סך בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך.

Surazer Street and the Synagogue Courtyard—A view from the balcony atop the Town Clock; below, lengthwise, the famous Surazer Street, which once served as the starting point of the Revolution against the Czar. On the left the large Synagogue may be seen, as well as the adjoining courtyard, which was the center for the religious life of the city.

**די „שיסעל" מיט'ן פאָנטאַן**

דער ראָג פון באַזאַרנע, ניקאָלאַיעווסקע (וואַשליקאָווע) און די היסטאָרישע שיסעל, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטען צו ווערען אַ פאָנטאַן מיט אַ קליין זשורטעשנדיג וואַסערעל, וואו די ביאַליסטאָקער פערד פלעגען זיך ניט מאַכען וויסענדיג און כאַפּען בגנבה „אַ זופּ" וואַסער. דאָ פלעגט אויך שטיין אויף זיין פּאָסטען דער פאַרהאַסטער גאָרדאָוואָי „המן". אַנטקעגען „שיסעל" איז געווען דער באַרימטער גאַסטראָנאָמישער געשעפט פון „מוראַוויאָוו", אויבען דער „קלוב פון באַלאגאַראדע סאָבראַניע", וואו שיכור'ע אָפיצירען פלעגען שפּילען אין קאָרטען. שפּעטער איז דאָרט געווען דער רעסטאָראַן „אקוואַריום".




A Landmark in Bialystok was the fountain on the corner of Bazarne and the Nikolajewska.




### דער שטאָט־זייגער („קאַלאַנטשא")

אין צענטער פון אונזער לי־בער ביאַליסטאָק האָט מיט שטאָלץ פאַררייסען דעם קאָפּ אונזער היימישער „וואָלקען־קראַצער" — דער שטאָט־זייגער, וואו אויבן, אויפ'ן באַל־קאַנטשיק, פלעגט טאָג און נאַכט אַרומגיין אַ וועכטער, אַ „וואָלנע פּאָזשאַרנע" מיט אַ בינאָקעל, אויפצוכאַפּען אַ שרפה און גלייך פלעגט אָנ־הויבען פייפען די וויינענדי־גע טרובע (סירענע) און דער־ביי אויסקרעכצען דעם נומער פון „אוטשאַסטאָק". יונגע ביאַליסטאָקער „יאַטען" פּיי־ערלעשער פלעגען זיך אַ לאָז טאָן צו ראַטעווען אידישע „בעבעכעס" און אַמאָל אויך אידישע לעבענס.

THE TOWN CLOCK—In the center of the city towered the "Bialystoker Skyscraper"—the Town Clock, atop of which a fire-warden with a set of binoculars was on the lookout 24 hours a day, scanning the city and surrounding territory for any fires.



אַ יום־טוב אין ביאַליסטאָק. אַ פּאַראַד פון די פרייוויליגע פייערלעשער, פון די שיינע אידישע יונגען פון סוראַזער, ליפּאָווע, באַיאַרע און פון כאַנאַיקעס, אין די פּאַראַדנע אוניפאָרמס, מיט די מעשענע קנעפּ און מעשענע „פּאָזשאַרסקע היטלען", וואָס האָט געמאַכט האַסטיגער קלאַפּען די הערצער פון די באַ'חנ'טע ביאַליסטאָקער מיידלעך.

"VOLUNTEER FIREMEN" ON PARADE in the center of Bialystok — The cream of the city's manhood, in dress-uniforms and firemen's hats, vie for the ladies' smiles.




### באַזאַרנע גאַס, ראָג ניקאָלאַיעווסקע

רעכטס אין ראָג, דער אַלטער אַפּטייק, לינקס — סלאָנ׳ס טוך־געשעפט און קאַדעל באַרענבלום׳ס פּאַפּיר געשעפט. דאָ איז אויך געווען דער הויפּט שפּאַציר און דער אָרט פון „סווידאַניעס" פון די שעמעוודיגע, באַ׳חן׳טע אידישע טעכטער אין די שבת־דיגע פאַרנאַכטען.

Bazarne corner Nikolajewska—on the right the well-known pharmacy; on the left Sloan's Textile store and Barenblum's Paper House. This was also the main promenade place for the youth of Bialystok.

### וואַשליקאָווער גאַס (ניקאָלאַיעווסקא)

די ברייטסטע און לענגסטע גאַס פון שטאָט מיט די שענסטע, העכסטע מויערען. דאָ זיינען געווען אידישע באַנק־געשעפטען, דאָ האָבען געוואוינט די אידישע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטען, דאָ זיינען אויך געווען די אַריסטאָקראַטישע קאַפּעיען און רעסטאָראַנען : מעז, שטיין, באַר אַנגעלסקי און אַנדערע. אויך דער שענסטער קינאָ־טעאַטער „אַפּאָלאָ". דאָ האָט זיך אויך געפונען דער גרויסער „פּאָלקאָוואָיער" בית־מדרש. וואַשליקאָווער גאַס האָט זיך געצויגען ביז דער „ראָגאַטקע", ביים פּאָליעסער באַן, אויפ׳ן וועג צום נאָענטען שטעטעל וואַשליקאָווע.




Washlikower Street was the widest and longest street in the city, where the important buildings were located. This was the center of the financial district and here the doctors and lawyers made their residence.




**גומיענער גאַס**
**(קופּיעצקע)**

די צאַפּעלדיגע סוחרישע גומיענער גאַס מיט די אָנגעלאָדענע געשעפטען. דאָ האָט אויך געלעבט דער באַרימטער היסטאָריקער א. ש. הערשבערג מחבר פון „פּנקס ביאַליסטאָק" און אַ געוויסע צייט אויך אונזער ביאַליסטאָקער „שלום עליכם" שמואל ליב ראַבינאָוויטש (זעט די הויז מיט דער „פייל").

GUMJENER STREET—the throbbing commercial center, which quartered stores stocked with all kinds of goods. On this street lived the famous historian A. S. Hershberg, author of "The History of Bialystok." House with arrow-mark was, for a time, the home of Shmuel Leib Rabinowitz, the "Bialystok Sholem-Aleichem."

**יוראָווצער גאַס**
**(פּאָטשטאָווע)**

די גאַס, וואו אידען האָבען מיט יאָרען צוריק פאַרלייגט זייערע טוך־פאַבריקען, און וואו עס האָבען געהאַט זייערע נחלות די באַוואוסטע שטאָט־פירער און גבירים: יחיאל בער וואָלקאָוויסקי, גרשון העפנער און די פאַבריקאַנטען הענדלער, פּריסמאַן, אַבראַמאָווסקי. רעכטס (יוראָווצער, ראָג פאַבריטשנע) איז דאָס הויז וואָס האָט געהערט צו ר' משה סאָהן, און וואו דוד סאָהן איז געבאָרען געוואָרען. לינקס איז הענדלערס פאַבריק (יוראָווצער, ראָג גומיענער גאַס). ביי דער דאָזיגער וואַנט פון הענדלער'ס פאַבריק, האָבען די בלוטיגע נאַציס אין 1943 דערשאָסען 72 אידישע געטאָ־אויפשטענדלער.




YUROWTZER STREET—On this street the foundation for the famous textile industry were laid, and here the wealthiest and most prominent citizens had their properties.



**נײַשטאָט**
**(אלעקסאַנדראָווסקע)**

די רייכע, אַריסטאָקראַטישע גאַס, וואו ס'האָבען געלעבט אַ סך פון די אידישע גבירים און פון קריסטליכען העכערען באַאמטענטום. דאָ האָט זיך געפונען די הויפּט־פּאָליציי קאָמענדאַטור און אויך די טרויעריג באַרימטע „רעשאָטקע", וואו ניט איין אומשולדיגער בירגער איז דאָרט אַריינגעפאַלען און געפּייניגט געוואָרען. דאָרט איז אויך געווען די שטאָטישע פייערלעשער קאָמאַנדע. אויף דער דאָזיגער גאַס איז אויך געווען דער אידישער שפּיטאָל, די רעאַל־שולע, די קאָמערץ־שולע און אַ רייע באַנקען. אויף דער זעלבער גאַס האָט זיך אָנגעהויבען דער מיליטערישער פּאָגראָם אין 1906.

NEISHTOT—The wealthy, aristocratic street where many of the city's rich maintained their homes. Here lived many of the city's higher officials, and many public buildings, such as main police station, main fire house, Jewish hospital, school of commerce, and a number of banking firms were located here.



**ניעמיעצקע גאַס (קילינסקיעגא)**

אַזוי האָט מען גערופען די גאַס, כאָטש מען האָט דאָרט געדאַרפט זוכען אַ דייטש מיט ליכט. די גאַס האָט זיך אָנגעהויבען פון פּוילישען קאָשציאָל און זיך געצויגען ביז'ן שטאָט־גאָרטען.

NIEMIECKE STREET—also known as the German Street, began at the church and ran to the city garden. The editorial offices of "Our Life" and the famous "Palace Theatre" were located there.



**אינסטיטוטסקא גאַס (פּאַלאַצאָווע)**

די דאָזיגע גאַס האָט אין די רוסישע צייטען געטראָגען איר נאָמען צוליב דער שולע פאַר די אַדעליגע קריסטליכע מיידלעך („אינסטיטוט בלאַגאָראָדניך דיעוויץ").

INSTITUTSKA STREET, where, during the Russian occupation, a school for nobles' daughters was located and where, under Polish rule, the entire State's Government was centered.

## A PARADE IN THE CENTER OF THE CITY

## אַ פּאַראַד אין צענטער שטאָט



אידישע שכנים קוקן אַרונטער פון אַ באַלקאָן צום פּאַראַד. דער איד, לינקס, מיט'ן קינד אויף דער האַנט, איז דער פּאָטער פון דעם ביאַליסטאָקער טוהער, מאָרים מאַרקאָף, פון לאָס אַנדזשעלעס).

Watching a passing parade from a vantage point in Bialystok. The one on the left, holding the child, is the father of Morris Markoff, of Los Angeles.



די באַפעלקערונג פון ביאַליסטאָק ביי אַ מיליטערישען פּאַראַד אין צענטער שטאָט, אין 1930.

The population of Bialystok turning out en masse to watch a military parade in 1930.



### אין שטאָט־גאָרטען

דער שיינער ביאַליסטאָקער שטאָט־גאָרטען (גאָראָדסקאָי סאַד), מיט זיינע פאַרכישופ־טע אַלייען, בוימער און בלו־מען ; דער אָרט פון די אמאָ־ליגע ביאַליסטאָקער פריילע־כע „גוליאַניעס" און די נאַכ־טיגע ראָמאַנטישע „סווידאַ־ניעס".

In the City's Gardens—the beautiful, spacious lanes where the city's young men and women "chanced" to meet.




### אַן אַנדער טייל פון דעם שטאָט־גאָרטען

אין דעם דאָזיגען פון שטאָט־גאָרטען פלעגט שפּילען מו־זיק, קינדער פלעגען טאַנצען און עלטערע פּאָרלעך פלעגען זאָרגלאָז פאַרברענגען זייערע זומערדיגע אָווענטען. פון ווייטען זעט מען די געבײדע פון יאָפּעס שולע.

Another Section of the City's Garden—where children romped about and music played and where older couples would spend a carefree hour in relaxation.



**דער טייך „ביאַלי"**

דער טייך „ביאַלי", דורכשניידענדיג דעם שטאָט־גאָרטען. דער טייך האָט דורכגעשני־טען די גאַנצע ברייט פון שטאָט. פון דער נאָווי ביז ביאַליסטאָטשעק. פון ווייטען זעט מען די בריק, וואָס געפינט זיך אין דער „נאָווי", אַ פאָרשטאָט פון ביאַליסטאָק.

THE "BIALY" LAKE which wound its way through the city's gardens. This lake cut through the entire width of the city. In the distance may be seen the bridge located in "Novi," a suburb of Bialystok.



**אַן אַנדער טייל פון טייך „ביאַלי"**

דער זעלבער טייך „ביאַלי" צווישען וואַשליקאָווער און גומיענער גאַסען, וואו זומער־צייט פלעגט ער אויסטריקע־נען און אין פרילינג פלעגט ברענגען אַ פאַרפלייצונג.

Still another section of the Bialy lake — between Washlikower and Gumjener Streets, where the lake would dry up in summer and overflow in the spring.



די „גרינע וועג" אין וואַלד, וואו די יוגענט האָט ראָמאַנסירט.
The "Green Road" in the Woods — Lovers' Lane.



## די „קאָנקע" אין וואַלד

די „קאָנקע" וואָס פלעגט אונז פירען פון שטאָט צום פּאַרק „ראָסקאש" אין וואַלד. די באַליבטע ביאַליסטאָקער „קאָנקע", אין וועלכער די „אַריסטאָקראַטישע" פּלעצער פון הינטען האָט געקאָסט אַ „צענערל", און פון פאָרענט, לעבען די פערדישע ווידלען, האָט געקאָסט „אַ דיטקע" אַ בילעט. האָט טאַקע אונזער באַרימטער סאָניע דער בדחן פאַראייביגט די „קאָנקע" אין איינעם פון זיינע פאָלקס־לידער, וואו ער וויצעלט זיך אויף „די אָרימע זשידקעס וואָס צאָלען דיטקעס". זעט איר, אונזערע ביאַליסטאָקער יאַטען פון כאַנאַיקעס פלעגען אָנפּייפען די „קאָנקע". זיי פלעגען זיך אָנטשעפּען פון הינטען און פאָרען אומזיסט.

THE HORSE-CAR IN THE WOODS—The horse-drawn trolley which stretched from the city to Roshkash Park in the woods. Tickets were priced according to the passenger's proximity to the horses' tails.



דער
גרויסער מאַרק
אויף
פּיאַסקעס.

THE GREAT MARKET ON PIASKES.



דער בנין פון דער וואַסער־לייטונג.
Water Department Building.



אידישע טעכטער שפּאַצירען אויפ'ן
„גרינעם וועג" אין ביאַליסטאָקער
וואַלד".

Jewish maidens stroll along the "Green Road" in the Bialystoker Forest.



אַ בילד פון „הלוית המת" אין ביאַליסטאָק
A Funeral in Bialystok.

## COMMUNAL BUILDINGS . . .

## געזעלשאַפטלעכע בנינים




**די קאָמערץ־שולע**

וואָס איז אויפגעבויט און אויפגעהאַלטען געוואָרען פון פון אידען.

School of Commerce,

built and maintained by wealthy Jews of Bialystok.

**דער האָטעל ריטץ**

וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה דורך מיטיא רובינשטיין, פאָטער פון ניו יאָרקער סערגעי רובינשטיין.

The Ritz Hotel

Built before World War I, by Mitia Rubinstein, father of Sergei Rubinstein of New York.







דער מושב זקנים אויף גומיענער גאַס.

Old Age Home on Gumiener Street.

דער בנין פון „עזרת יתומים", אויף יוראָווצער גאַס, וואָס דער גביר און בעל־צדקה, ר' גרשון העפּנער, האָט אוועקגעשענקט פאַר אַ יתומים־הויז.

Orphans' Home on Urowtzer Street. This building was donated by the philanthropist, Gershon Hepner.



Orphans' Home on Chenstohower Street.

בנין פון בית־יתומים אויף טשענסטאָכאָווער גאַס.




דער בנין פון דער העברעאישער גימנאַזיע אויף סענקעוויטשא גאַס, געגרינדעט אין יאָר 1921.

The Hebrew High School on Sankawich Street, founded in 1921.



דער קינפּעטאָרין שפּיטאָל אויף לעגיאָנאָווע גאַס.

The Maternity Hospital on Leginowe St.





דער סאַניטאָריום און הייל־אַנשטאַלט פאַר טובערקולאָזע אידישע קינדער אויף פאַבריטשנע גאַס, וואָס פרוי פאַניע טרילינג האָט אוועקגעשענקט פאַר׳ן „טאָז״ אין ביאַליסטאָק. זי האָט אויך מנדב געווען פאַר די צוועקען פון „טאָז״ 30,000 דאָלאַר.

The Sanatorium and Convalescent Home for Jewish Tubercular children on Fabrichne Street, donated by Mrs. Fannie Triling, who also donated $30,000 to "Toz" for its activities.



דער בוי־קאָמיטעט פון דער האַנטווערקער־שולע אין ביאַליסטאָק ביי דער דערעפענונג אין 1906. — פון לינקס צו רעכטס: אייזיק האָראָדישטש, ב. ליישנאָלד, עבער וואָלקאָוויסקי, ש. גאָלדבערג, ז. קאַצענעלענבויגען, ל. זאַקהיים, ראַבינער דר. מאָהילעווער, יוליוס גאָרדאָן, אינזש. אַלטמאַן, י. מיילאַך, פאלק קעמפנער, לעאָן װענדעל און חנן זילבערבלאַט. — שטייענדיג: יודעל קאַלעצקי (צווישען מאָהילעווער און גאָרדאָן) און ד״ר כאַזאַנאָוויטש (צווישען קאַצענעלבויגען און זאַקהיים).

THE BUILDING COMMITTEE OF THE ARTISANS' SCHOOL IN BIALYSTOK at the Dedication Ceremonies in 1906.




פאיען־באַנק אין ביאַליסטאָק, געגרינדעט אין יאָר 1901.
Cooperative Bank in Bialystok, founded in 1901.



בנין פון דער האַנטווערקער־שולע אויף ליפּאָווע 39.
The Building of the Artisans' School.

## ווען דער קיסר איז געקומען אין ביאַליסטאָק . . .

**תלמידים און תלמידות פון די אידישע פאָלקשולען, צוזאַמען מיט זייערע לערערס און שטאָטישע כלל־טוערס, פאַרזאַמעלט אינ'ם שטאָט־גאָרטען דעם 23־טען אויגוסט, 1897, בעת דער קייסער ניקאָלאַי דער 2־טער האָט באַזוכט ביאַליסטאָק.**



עס זיצען אין דער ערשטער שורה (פון רעכטס צו לינקס): לערער לוסטערניק, פרל. עלבוים, לערער א. מענאַכאָווסקי, פרל. עלבוים, לערער זשמודסקי, לערער קליאטשקאָ, פרוי פערעלמאַן (מוטער פון אָסיפּ דימאָוו), לעאָן זאַבלודאָווסקי, לעאָן זאַקהיים, גאָלאָוואַ רעשעטניקאָוו, יחיאל בער וואָלקאָוויסקי, ראַבינער מאיר מאַרקוס, לערער געווירץ, פרוי כוואָליעס, לערער א. ד. יאָפּע, מוזיק־לערער יעקב בערמאַן, פרוי באַביצקי, לערער לעאָן באַביצקי, דריי אומבאַקאַנטע, פרוי באָמאַש, פרוי מעלטרע:ער, לערער מעלטרעגער, לערער רויזאַק, כתריאל קאַפּלאַן, לערער ציפּקין.

**WHEN THE CZAR VISITED BIALYSTOK . . .**

STUDENTS OF ALL JEWISH FOLKSCHOOLS, THEIR FACULTIES AND CIVIC LEADERS ASSEMBLED IN THE PUBLIC GARDENS ON AUGUST 23, 1897, ON THE OCCASION OF A STATE VISIT TO BIALYSTOK BY CZAR NIKOLAI II.



*Seated in the front row, from right to left*: Lusternik (teacher), Miss Elbaum, A. Menachowsky (teacher), Miss Elbaum, Shmudsky (teacher), Kliachko (teacher), Mrs. Perelman (mother of Osip Dimov), Leon Zabludowsky, Leon Zakheim, Golova Reshetnikow, Y. Ber Wolkowisky, Rabiner Meyer Marcus, Gewirtz (teacher), Mrs. Chwolies, A. D. Yaffe (teacher), Jacob Berman (music teacher), Mrs. Babitzky, Leon Babitzky (teacher), three unknown persons, Mrs. Bomash, Mrs. Meltreger, Mr. Meltreger (teacher), Roisak (teacher), K. Kaplan, Tzipkin (teacher).

## THE FIRST LABOR ZIONISTS IN BIALYSTOK

## די ערשטע אַרבעטער-ציוניסטען אין ביאַליסטאָק



גרופּע אַרבעטער-ציוניסטען (פּועלי-צדק) אין 1897. — דער צווייטער פון דער אונטערשטער שורה איז היימאַן טענד (ברוקלין), דער ערשטער פון דער צווייטער שורה רעכטס איז פיליפ גאָרדאָן, סעקרעטאַר פון ביאַליסטאָקער בריקלייערס, ניו יאָרק. דער זעקסטער פון דער דריטער שורה (מיט דעם גרויסן הוט) איז שלמה'קע דער פעלדשער פון אידישען שפּיטאָל, וואָס איז שפּעטער דערהרג'עט געוואָרען אין פּאָגראָם פון 1906.

A Group of Labor Zionists (Poale-Zedek) in 1897.—*Second from right in the bottom row* is Hyman Tend (now in Brooklyn); first, right, in the second row is Philip Gordon (now secretary of the Bialystoker Bricklayers in New York); sixth in the third row (with the large hat) is Shlomo, the intern of the Jewish Hospital, who was slain in the pogrom of 1906.

## די אַרבעטער באַוועגונג און פּאָליטישע פּאַרטייען אין ביאַליסטאָק
## THE LABOR MOVEMENT AND POLITICAL PARTIES IN BIALYSTOK



אַ גרופּע ביאַליסטאָקער פּאָליטישע פאַרשיקטע אין סיביר, אויפ'ן וועג קיין יאַקוטסק, אין 1897. — אין דער ערשטער רייע, די דריטע פון לינקס: ליובאַ אייזענשטאדט (געשטאָרבען אין ניו־יאָרק אין 1910). אין דער צווייטער רייע, דער דריטער פון רעכטס: דער לערער גאזשאנסקי.

A GROUP OF BIALYSTOK POLITICAL PRISONERS EXILED TO SIBERIA, SHOWN ON THEIR WAY TO YAKUTSK IN 1897.—First row, third from left, is Luba Eisenstadt (died in New York in 1910). Second row, third from right, Gozansky, the teacher.



שניידער'שער „אַקטיוו" אין ביאַליסטאָק אין 1901. — פון רעכטס: אברהמ'ל קאָהן (איצט אין ניו־יאָרק); גרעגאָרי (אומגעקומען); הערי לאַפּינסקי (איצט אין שיקאַגאָ).

REPRESENTATIVES OF THE UNIT OF THE BIALYSTOKER TAILORS IN 1901.—*From right to left*: Abraham Cohn (now in New York), Gregory (slain), Harry Lapinsky (now in Chicago).



**דער סטרייק־קאָמיטעט פון יאַנאָווסקי׳ס פאַפּיראָסען־פאַבריק אין ביאַליסטאָק אין 1901**

פון רעכטס צו לינקס : רבקה די גרינע, איצט אין קליוולאַנד, יעטע קאָהן (געשטאָרבען יוני, 1950, אין ניו יאָרק), פרוי פון אברהמס׳ל קאָהן, טוער פון ביאַליסטאָקער ברענטש 88 א. ר., מרס. פרידמאַן, ברוקלין, און גאָסי מעס ע״ה.

THE STRIKE COMMITTEE OF YANOWSKY'S CIGARETTE FACTORY IN BIALYSTOK IN 1901.

*From right to left*: Rivkah (now in Cleveland), Yetta Cohn (died in June, 1950, in New York), wife of Abraham Cohn who is active in Bialystoker Branch 88, W. C., Mrs. Friedman, Brooklyn, and Gussie Mass (deceased).

**דריי פאַבריק־חבר׳טעס, שפּוליאַרקעס אין יאָר 1904**

די מיטעלסטע איז די באַוואוסטע געזעלשאַפטליכע טוערין מרס. ראָזע רובין, טשערלײדי פון דער ביאַליסטאָקער רעליף סאָסייעטי פון פּעטערסאָן, ניו דזשוירזי.

THREE WORKING GIRLS IN 1904.

In the center is the prominent organizational leader, Mrs. Rose Rubin, chairlady of the Bialystoker Relief Society, of Paterson, N. J.





פאַרוואַלטונג פון גאַרבער פאַראיין אין ביאַליסטאָק אין 1901. — פון רעכטס צו לינקס זיצען: פייוועל דער אָדעסער (פייוועל ווינער), היימאַן טער (איצט אין שיקאַגאָ), מרדכי ראָזשענאָיער (קאַרפעליאָוו), שלמה יצחק דער וואַלקער (סעם פרידענבערג, איצט אין ניו־יאָרק). שטייען: איצקע דער שטיוועל־וואַלקער און שמואל אהרן דער וויטעבסקער.

THE EXECUTIVE COMMITTEE OF THE LEATHER WORKERS' UNION IN BIALYSTOK IN 1901.—*Seated, from right to left*: Faivel Weiner, Hyman Tar (now in Chicago), Mordecai Rozshonoyer (Karpeleov), Sam Freedenberg (now in New York). *Standing*: Itzke "Shtivel-Walker" and Shmuel Aaron the Vitebsker.



צוויי חברים־בונדיסטען אין יאָר 1902. רעכטס: נייטען מילער (איצט אין שיקאַגאָ) און סעם נאָוויק (איצט אין נואַרק, נ. דזש.).

TWO BUND COMRADES IN 1902.—Nathan Miller (*right*), now in Chicago, and Sam Novick, now in Newark, N. J.



דער „אַקטיוו" פון בונדיסטישע וועבער־אַרבייטער אין ביאַליסטאָק אין 1905. — פון רעכטס צו לינקס זיצען: סאַלאַמאָן בערדיטשעווער, א. רובין („קאַטאַיאַמאַ"), געשטאָרבען אין שיקאַגאָ, וועלוועל איזבוצקי (איצט אין ניו־יאָרק), פּיניע (איצט אַ דראָגיסט אין ניו־יאָרק), שעפּסיל קאַפּלאַן (ניו־יאָרק). די וואָס שטייען זיינען: שרה רוזשאַנאַיער (סערע קאהן אין ניו־יאָרק), „אברהמל" און מיכל קאַפּלאַן.

Weaving Workers Unit of the Bund, 1905, Bialystok



אַ פאַרזאַמלונג פון סטאָליער־אַרבעטער און פאַבריק־מיידלעך אין 1905.

A meeting of the Carpenters and Factory Girls in 1905.



קאָמיטעט פון די פאַראייניגטע ביאַליסטאָקער קצבים-אַרבייטער אין 1905. — עס זיצען פון רעכטס צו לינקס: יקותיאל פּערעי, דוד פּאַמפּושקע (איצט אין שיקאַגאָ), זיידעל גאָלדבערג (איצט אין קאָלטשעסטער), אברהם'ל פּאָמעראַנץ (געשטאָרבען אין 1948 אין ניו יאָרק). — עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: ניאָמקע פערטעל (איצט אין קינגסטאָן, נ. י.), לייזער ברוך לייבס (לעווויט), זיידעל ציפּעס און משה'קע מנקר.

COMMITTEE OF THE UNITED BIALYSTOKER BUTCHER WORKERS IN 1905.—*Seated, right to left*: Yekusiel Perei, David Pampushke (now in Chicago), Zeidl Goldberg (now in Colchester), Abraham Pomeranz (died in New York in 1948). *Standing*: Niomke Fertel (now in Kingston, N. Y.), Leizer Boruch Leibs (Levitt), Zaidl Tzipes and Morris Menaker.



די אָנפירער פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע („ס. ס.") אין ביאַליסטאָק, אין 1905.

פון רעכטס צו לינקס: בישקע גראַנסקי, זיידעל נאָווינסקי, מאָטעל פּאָגאָרעלסקי (איצט אין לאָס אַנדזשעלעס).

LEADERS OF THE ZIONIST-SOCIALIST ORGANIZATION OF BIALYSTOK IN 1905.

*Right to left*: Bishke Grandski, Zeidl Nowinski, Motel Pogorelski (now in Los Angeles).



שלמה פּסאַכיע

בונדישער טוער, ראַטמאַן פון קהלה און אַקטיוו אין דער אידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין ביאַליסטאָק. אומגעקומען אין געטאָ, 1942.

SOLOMON PSACHIE

Bund leader, member of the City Council and active in the Jewish professional movement in Bialystok; died in the Ghetto in 1942.

## BIALYSTOK SURVIVORS

## ביאַליסטאָקער פּליטים נאָכן חורבן



אידישער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק, אין 1947. — עס זיצען פון רעכטס : שטופּלער (איצט אין אר־גענטינע), ביאַליסטאָצקי (סעקרעטאַר פון קאָמיטעט), פּסח בורשטיין (וויצע־פּאָרזיצער, שפּעטער פּאָרזיצער, איצט אין ישראל), פּאָרזיצער טורעק (איצט אין ישראל), דערעטשינסקי, יעקב כהן (איצט אין פּאַריז), ערדעפּעל. — עס שטייען : י. גרינהויז (אויסטראַליע), ד. קאַלעשניק, פרוי גאָלדבערג, אומבאַקאַנט, ש. לעווין (אויסטראַליע), פרוי בורשטיין, באַכראַך, טשערניכאָוו און אָסטראַבורסקי.

Jewish Regional Committee in Bialystok, 1947.—*Seated, right to left*: Shtupler (now in Argentina), Bialystotzky, Secretary of the Committee; P. Burstein, Vice-Chairman, later Chairman, now in Israel); Chairman Turek (now in Israel); Diretchinsky, Yakob Kahan (now in Paris), Erdepel. *Standing*: I. Greenhouse (Australia), D. Kaleshnik, Mrs. Goldberg, unknown, Sh. Levin (Australia), Ms. Burstein, Bachrach, Chernichow and Ostrabursky.




וואָיעוואָדישע אידישע קאָנפערענץ אין ביאַליסטאָק, אין 1949. — דער פּרעזידיום פון לינקס צו רעכטס : י. ביאַליס־טאָצקי (סעקרעטאַר), מ. ביטער (פאָרשטייער פון צ. ק. פון די אידען אין פּוילען), ה. האַקמייער (פּאָרזיצער פון וואָיעוואָדישען אידישען קאָמיטעט), מאַג. װענדליק (פּאָרזיצער פון וואָיעוואָדישען נאַציאָנאַל־ראַט). עס רעדט דער וואָיעוואָדע האָראָדעצקי

Jewish Regional Conference in Bialystok, 1949.—The Presidium, *left to right*: I. Bialystotzky, Secretary; M. Byter, representing the Central Committee of the Jews in Poland; H. Hakmeyer, Chairman of the Jewish Regional Committee; M. Wendlik, Chairman of the Regional Nat'l. Council. Addressing conference is Horodetzy.

## BIALYSTOK SURVIVORS

## ביאַליסטאָקער פּליטים נאָכן חורבן



צוריקגעקומענע ביאַליסטאָקער פּאַרטיזאַנען און רויטע אַרמייער אין ביאַליסטאָק, אין 1946.
Bialystoker partisans and Red Army soldiers who returned to Bialystok in 1946.



די היסטאָרישע קאָמיסיע אין ביאַליסטאָק, 1946. דער צווייטער פון רעכטס: דר. ש. דאַטנער און מאַג. טורעק.
The Historical Commission in Bialystok in 1947; in center, *from right to left*: Dr. S. Datner and Mag. Turek.



A group of survivors in 1947 in front of the monument on the Bialystoker ghetto cemetery.

א גרופּע לעבענגעבליבענע לאַנדסלייט ביים מאָנומענט אויפן געטאָ-בית-עולם אין ביאַליסטאָק, 1947.



א גרופּע שול-קינדער מיט זייער לערער אין ביאַליסטאָק, 1946.
A group of pupils and their teacher in Bialystok in 1946.



דער בעקער-קאָאָפּעראַטיוו, 1946.
The Bakers' Cooperative, 1946.

## POST-WAR BIALYSTOK

## ביאַליסטאָקער פּליטים נאָכ'ן חורבן



אַ גרופּע פון 47 אידישע קינדער פון ביאַליסטאָק און אומגעגנט, וואָס זיינען אויסגעקויפט געוואָרען פון פּאָליאַקען, מיט דער הילף פון ביאַליסטאָקער רעליף אין אַמעריקע.

A group of 47 Jewish children of Bialystok vicinity who were redeemed from Gentile hands with funds supplied by the Bialystoker Relief in America.



אַ גרופּע ביאַליסטאָקער פּליטים אין איטאַליע, אין 1947, צווישען זיי ד"ר שמעון דאַטנער (דער וואָס שטייט), דער ערשטער פּאָרזיצער פון וואָיעוואָדישען אידישען קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק נאָכ'ן חורבן.

A group of Bialystoker refugees in Italy in 1947. Standing is Dr. S. Datner, the first Chairman of the Jewish Regional Committee following World War II.

# ביאַליסטאָקער פּליטים נאָכן חורבן
## BIALYSTOK SURVIVORS



יעקב טאָביאַש (דער מאַן אין מיטען מיט די ברילען) מיט די ביאַליסטאָקער יתומים, וואָס ער האָט געראַטעוועט אין דרוסקעניק אָנהויב דער מלחמה און זיי צוריקגעבראַכט פון סאָוועטען־פאַרבאַנד אין 1946. די יתומים זיינען שוין איצט אין ישראל, וואו עס געפינט זיך אויך זייער לערער און רעטער יעקב טאָביאַש. דאָס בילד איז גע־נומען געוואָרען אין שלעזיען אויפן וועג קיין פּאַריז.

JACOB TOBIAS (center, wearing glasses) with Bialystoker Orphans whom he rescued in Druskenik at the beginning of the war and returned from Soviet Russia in 1946. The orphans and Tobias are in Israel.



א גרופּע פּליטים אין א דייטשען קאָנצענטראַציע־לאַגער.

A group of refugees in a German concentration camp.



א גרופּע ביאַליסטאָקער פּליטים אין איטאַליע, אין 1948.

A group of Bialystoker refugees in Italy in 1948.

# ביאַליסטאָקער מלחמה יתומים
# BIALYSTOKER WAR ORPHANS

6 יתומות פון אַ גרופּע פון 80 אָפּגעראַטעוועטע ביאַ־ליסטאָקער קינדער וואָס דער לערער יעקב טאָביאַש האָט צוריקגעבראַכט פון רוסלאַנד אין 1947. די זעקס יתומות האָבען פאַר דער צייט פון זייער זיין אין רוס־לאַנד געענדיגט אַ מעדיצין־שול, טייל אַלס פעלדשער־רינס־ אַקושערינס, און טייל אַלס קראַנקען־שוועסטער.

Six Orphans of a group of 80 rescued Bialystoker children whom the teacher, Jacob Tobias, brought back from Russia in 1947. During their stay in Russia these six orphans were graduated from a medical school—some as obstetricians and others as nurses.



אַ ביאַליסטאָקער אינגעל
וואָס האָט זיך געראַטעוועט פּאַשענדיג חזרים אין אַ פּויילישען דאָרף. דער ביאַליסטאָקער רעליף פון אַמעריקע האָט דעם יתום אויסגעלייזט פון גוי־אישע הענט נאָך דער מלחמה.

A Bialystoker boy who saved himself shepherding pigs in a Polish village. After the war the Bialystoker Relief of America redeemed the lad.



זיצענדיג פון רעכטס: פעלדשערין־אַקושערין חנה לין (אין פּוילען); קראַנקען־שוועסטער פייגעל ריבאַק און חיה פישמאַן (אין ישראל). — שטייענדיק: פעלדשערין־אַקושערין ליובע פּעריי (דערטיילט מעדיצינישע הילף אין ציפּערן) פעלדשע־רין־אַקושערין בתיה רייכערט (געבליבן אין רוסלאַנד), און קראַנקען־שוועסטער צביה יאַבלאָנקאַ (אין ישראל).

*Seated, right to left*: Obstetrician Chanah Lynn (in Poland), Nurses Feigel Ribak and Chayah Fishman (in Israel). *Standing*: Obstetrician Luba Perei (served in First Aid in Cypress), Obstetrician Batya Reichert (remained in Russia), and Nurse Tzivya Jablonka (Israel).



אַן עלענד קינד.

Lonely Orphan.



דער שריפטשטעלער נחמן מייזעל מיט אַ גרופּע ביאַליסטאָ־קער יתומים אין פּאַריז נאָך דעם לעצטען חורבן.

The Writer Nachman Meizel and a group of orphaned children in Paris following the last holocaust.

# ביאַליסטאָקער געטאָ־קעמפער, פּאַרטיזאַנער און מאַרטירער
# BIALYSTOKER GHETTO FIGHTERS, PARTISANS AND MARTYRS



**חיה גראָסמאַן**

העלדין פון דער ביאַליסטאָקער געטאָ, אַרום וועלכער עס געהען שוין אַרום לעגענדעס, איצט אין ישראל.

**CHAYA GROSSMAN**

Hero of the Bialystoker Ghetto about whom many heroic legends circulate; now in Israel.



**דר. שמעון דאַטנער**

פּאַרטיזאַן, געקעמפט אין די וועלדער. ערשטער פּאָרזיצער פון אידישען קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק באַלד נאָך דער מלחמה. היסטאָריקער פון „חורבן ביאַליסטאָק", איצט אין וואַרשע.

**DR. SHIMEON DATNER**

Partisan, fought in the woods. First Chairman of the Jewish Committee in Bialystok. Historian, author of the book "Annihilation of Bialystok"; now in Warsaw, Poland.



**מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו**

אָנפירער פון געטאָ־אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָק, געקעמפט אין די גאַסען ביז'ן סוף, ווען ער האָט מיט דער לעצטער קויל זיך אַליין דערשאָסען.

**MORDECHAI TENENBAUM-TAMAROW**

Leader of the Ghetto uprising in Bialystok; fought in the streets to the very end and perished by his own hand with the last remaining bullet.



**יהודה מעדאָווניק**

זיך אַרויסגעריסען פון דער געטאָ און געקעמפט אַלס פּאַרטיזאַן אין די וועלדער. איצט אין אויסטראַליע, וואו עס געפינט זיך זיין שוואָגער, דער שריפטשטעלער י. ראַפּאָפּאָרט.

**YEHUDA MEDOWNIK**

Escaped from the Ghetto and fought as a partisan in the woods. Resides now in Australia with his brother-in-law, the writer I. Rapoport.



**רפאל רייזנער**

געכאַפּט געוואָרען אין אַ בונקער אין געטאָ, דורכגעלעבט שרעקליכע עינוים אין די לאַגערען. מיט נסים געבליבען לעבען. מחבר פון בוך „דער אומקום פון ביאַליסטאָקער אידענטום". איצט אין אויסטראַליע.

**RAPHAEL REISNER**

Captured in a bunker in the Ghetto, experienced torture in the camps and miraculously survived. Author of "The Destruction of Bialystoker Jewry"; now in Australia.

# ביאַליסטאָקער געטאָ־קעמפער, פּאַרטיזאַנער און מאַרטירער
# BIALYSTOKER GHETTO FIGHTERS, PARTISANS AND MARTYRS



מרדכי כמעלניק, פירער פון די „פועלי ציון" אין ביאַליסטאָק, אומגעקומען אין געטאָ.

Mordecai Chmelnik, leader of the Poale Zion in Bialystok, died in the ghetto.



דאָראַ רובינאַ (די געטאָ־נאַכטיגאַל) (איצט אין אַמעריקע).

Dora Rubina, the ghetto nightingale (now in America).



פסח בורשטיין, מאַרטירער, לעבען־געבליבען פון אָוישוויץ, שפּעטער פּאָרזיצער פון אידישען קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק (איצט אין תּל־אביב).

Pesach Burstein, martyr, rescued from Oswiecim, became chairman of the Jewish Committee in Bialystok (now in Tel-Aviv).



אַבראַשאַ גערשוני, געטאָ קעמפער, איז געווען אין אָוישוויץ, געבליבען לעבען און שפּעטער אָנגעפירט מיט דעם בעקער קאָאָפּעראַטיוו אין ביאַליסטאָק. איצט סעקרעטאַר פון ביאַליסטאָקער צענטער אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

Abrasha Gershuni, Ghetto fighter, was in Auschwitz, survived and was later connected with the Bakers' Cooperative in Bialystok. Now Secretary of the Bialystok Center in Montreal, Canada.



מרים שבח־פּאָלאַק

(שוועסטער פון דיכטער אברהם שבח) דורכגעלעבט די געטאָ און די לאַגערן. געפינט זיך איצט אין אַרגענטינע.

Miriam Shevach-Polak

(Sister of the poet Abraham Shevach) who survived the Ghetto and the concentration camp; resides at present in Argentina.



שלמה בראַמסאָן, זון פון ביאַליסטאָקער כלל־טוער, שמואל בראַמסאָן, אומגעקומען אין סאָוועט־רוסלאַנד.

Solomon Bramson, son of the well-known Shmuel Bramson, who died in Soviet Russia.

# ביאַליסטאָקער געטאָ-קעמפער, פּאַרטיזאַנער און מאַרטירער
# BIALYSTOKER GHETTO FIGHTERS, PARTISANS AND MARTYRS



**סראָלקע קאָט**

פּאַרטיזאַן, געקעמפט אין די וועלדער אַרום ביאַליסטאָק. מחבר פונ׳ם בוך „חורבן ביאַליסטאָק". געפינט זיך אין אַרגענטינע.

SROLKE KOT

Partisan, fought in the forests around Bialystok. Author of "Annihilated Bialystok." He is now in Argentina.



**שמעון עמיאל (כענטאָוו)**

געבליבען לעבען על פּי נס פון נאַצישע קוילען. זיינע טראַגישע איבערלעבונגען באַשריבען אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע". געפינט זיך איצט אין מעקסיקאָ.

SHIMEON EMIEL (CHENTOV)

Miraculously escaped Nazi bullets, published his harrowing experiences in the "Bialystoker Stimme." Now resides in Mexico.



**משה בענדער**

די נאַצים האָבען אים געכאַפּט אין אַ בונקער אין געטאָ. דורך אַ נס איז ער אַנטלאָפען אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנען. ער איז איצט אין ניו יאָרק.

MORRIS BENDER

Whom the Nazis captured in a Ghetto bunker, had a miraculous escape into the woods where he joined the Partisans. He is now in New York.



**ליליע וואָלין**

יונגע דיכטערין (טאָכטער פון פאַבריקאַנט ישראל ראָזענטאַל). איז געווען פאַרשיקט אין סיביר, געפינט זיך איצט אין ניו יאָרק.

LILY WOLIN

The young poetess (daughter of the manufacturer Israel Rosenthal). Was exiled to Siberia; is now in New York.



**פרידע בראַמסאָן-סקאָרקא**

מגולגל געוואָרן אין הייסען אוזבעקעסטאַן, פון וואַנען זי איז שפּעטער באַפרייט געוואָרן, איצט אין מעלבורן, אויסטראַליע. זי האָט באַשריבען אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע" אירע טראַגישע איבערלעבונגען.

FRIEDA BRAMSON-SKORKA

Escaped to Uzbekestan, U.S.S.R., from where she was later rescued. She now resides in Melbourne, Australia. Related her tragic experiences in the "Bialystoker Shtimme."



**בערטאַ צוקערמאַן**

דורכגעמאַכט אוישוויץ און בערגען-בעלזען, געפינט זיך איצט אין מעלבורן, אויסטראַליע.

BERTHA ZUCKERMAN

Confined in Oswiecim and Bergen-Belsen death camps; now resides in Melbourne, Australia.

# ביאַליסטאָקער געטאָ־קעמפּער, פּאַרטיזאַנער און מאַרטירער
## BIALYSTOKER GHETTO-FIGHTERS, PARTISANS AND MARTYRS



אליהו וואַראַט („אליאָשא")
קאָמאַנדיר פון אַ פּאַרטיזאַנער אָפּטײ־לונג, געווען אַקטיוו אין השומר הצעיר ביאַליסטאָק. געפינט זיך איצט אין ישראל.

ELI WARAT
Commander of a partisan group; once active in Hashomer Hatzair in Bialystok; now in Israel.



שעפּסעל באָראוויק
(אַ מוליער־אַרבעטער)
צווייטער קאָמאַנדיר פון דעם אָטראַד „פּאָרויס". געפאַלען אין קאַמף דעם 1־טען יאַנואַר, 1944, אין די וועלדער אַרום סופּראַסלע.

SHEPSEL BOROWIK
(A mason by trade)
Second in command of the regiment "Forward." Was killed in battle on January 1, 1944, in the forests near Suprasle.



פּנחס צעלניקער („פּאַוועל")
פּולעמיאָטשיק פון דעם ביאַליסטאָקער פּאַרטיזאַנער אָטראַד „פּאָרויס". געפאַלען אין קאַמף מיט די דייטשען אין יאָר 1944 אין די וועלדער אַרום סופּראַסלע.

PINCHOS CELNIKER
Commander of the Bialystoker Partisans regiment "Forward." Fell in a battle with the Germans in 1944 in the forests near Suprasle.



בערל שאַצמאַן, געטאָ־קעמפּער (איצט אין וואַרשע).

Berl Shatzman, Ghetto fighter, who is now in Warsaw.



דער לערער יעקב טאָביאַש, דער העלד וואָס האָט אין דער לעצטער מלחמה געראַטעוועט 80 ביאַליסטאָקער קינדער, איצט צוזאַמען מיט זיי אין ישראל.

Hero Jacob Tobias, the teacher, who saved 80 Jewish children during World War II, and who is now with them in Israel.



דער מאַרטירער גרינשטיין, קומענדיג אַ האַלב־טויטער פון אוישוויץ.

The martyr Greenstein, as he appeared on his return from Oswiecim.

## BIALYSTOKER REFUGEES

## ביאַליסטאָקער פּליטים



ידידיה האַמבורג

אין צייט פון מלחמה פאַרוואָגעלט געוואָרען אין רוסלאַנד, פון וואַנען ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט אין 1946. געווען וויצע פאָרזיצער פון אידישען קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק. רעדנער און קולטור־טוער, פאַרבונדען איצט מיט'ן „דזשאָינט" אין ניו יאָרק

YEDIDIAH HAMBURG

Fled to Russia during the war, from where he escaped in 1946. Was Vice-Chairman of the Jewish Committee in Bialystok. Orator and cultural leader, he is now connected with the JDC in New York.



שמואל עברי

באַוואוסטער פּעדאַגאָג און' קולטור־טוער. זיך געראַטעוועט פון טויט פון יאַפּאָנישע מערדער אין שאַנכאַי. איצט פּראָפעסאָר פון העברעאישער ליטעראַטור אין באַלטימאָר.

SAMUEL IVRI

Well-known pedagogue and cultural leader. Escaped death at the hands of the Japanese in Shanghai. At present Professor of Hebrew Literature in Baltimore.



בערנאַרד קאַגאַנאָווסקי

געקעמפט אין דער פוילישער און שפּעטער אין דער רויטער אַרמיי. עטליכע מאָל פאַרוואונדעט געוואָרען. איצט אין ניו יאָרק אַן ערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן און טעטיג אין ביאַליסטאָקער צענטער און אין „קלוב ביאַליסטאָקער פריינד".

BERNARD KAGANOWSKI

Was wounded in World War II while flying for the Polish Air Force and later for the Red Army. Is now a successful businessman in New York and active in the landsmanshaften.

## פּליטים ביי דער קרן קימת פייערונג אין ביאַליסטאָק אין 1946

## REFUGEES AT JEWISH NATIONAL FUND CELEBRATION, BIALYSTOK, 1946



דאָ אויפ'ן בילד זעהען מיר אַ צאָל פּליטים, וועלכע האָבען זיך געראַטעוועט פון די לאַגערן און וועלדער ווי אויך צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד. צווישען זיי זיינען מאגיסטער טורעק און פרוי (פוקס), פרוי בורשטיין, פרוי גאָלדמאַן (די פרוי פון אומגעקומענעם לערער שואל גאָלדמאַן), ידידיה האַמבורג, זיין פרוי און זיין פאָטער; דוד קאלעשניק, באַבראַך, אקאָן, טשערניכאָוו, י. כהן, פּיטקאָווסקי, דרעטשינסקי און אַנדערע.

כמעט אַלע פון דעם בילד זיינען שוין איצט אין ישראל, אויסטראַליע און אין אַמעריקאַנער לענדער.

## FALLEN MARTYRS

## קרבנות־מאַרטירער

די צוויי ברידער פון אָסיפּ דימאָוו, וועלכע זיינען אומגעקומען
אין דעם לעצטען אידישען חורבן

Osip Dymov's Two Brothers who perished in World War II.



נעכע באַק
(שוועסטער פון דוד סאָהן), אומ־
געקומען אין קאָוונער געטאָ. איר
מאַן דער באַוואוסטער אָפּערע־
טען־זינגער און שוישפּילער יאַ־
קאָב באַק (באַקלאַנאָוו), שפּעטער
אויבער־קאַנטאָר אין דער רוסי־
שער סינאַגאָגע אין בערלין, איז
אומגעקומען אין דייטשלאַנד.

Neche Bak
(Sister of David Sohn), slain in Kovne Ghetto. Her husband, the well-known opera singer and actor, Yakov Bak (Baklanov), later First Cantor in the Russian Synagogue in Berlin, met death in Germany.



פּראָפעסאָר יאַקאָב פּערלמאַן
אומגעקומען אין רוסלאַנד אין 1942.

Prof. Yakob Perlman
Died in Russia in 1942.



דר. הערמאַן פּערלמאַן
דערהרגעט געוואָרען אין דייטשלאַנד.

Dr. Herman Perlman
Killed in Germany.

די 2 טעכטער פון דער ניו יאָרקער טוערין
ליבע גראָכאָווסקי

The two daughters of the active New York member Liba Grochowsky.



זיי זיינען אומגעקומען דורך די נאַצים אין ביאַליסטאָק.
(די מוטער ליבע גראָכאָווסקי שטייט לינקס).

They were killed by the Nazis in Bialystok. Their mother, Liba Grochowski, is on the left.



אַ גרופּע ביאַליסטאָקער פּליטים אין אוזבעקיסטאַן (סאָ־
וועט־רוסלאַנד), אין אַ מעטשעט (טעמפּל) אין 1942-43.

A group of Bialystok refugees in Uzbekistan, Soviet Russia, shown in front of a Temple in 1942-43.

דריטער טייל:

PART THREE:

# ביאַליסטאָקער אידען איבער דער וועלט

# BIALYSTOKER JEWS THE WORLD OVER

| | |
|---|---|
| UNITED STATES | פאַראייניגטע שטאַטען |
| CANADA | קאַנאַדאַ |
| MEXICO | מעקסיקאָ |
| CUBA | קובאַ |
| ARGENTINA | אַרגענטינע |
| URUGUAY | אורוגוואַי |
| CHILE | טשילי |
| AUSTRALIA | אויסטראַליע |
| SOUTH AFRICA | דרום אַפריקע |
| FRANCE | פראַנקרייך |
| ISRAEL | ישראל |

# וועלט־באַרימטע ביאַליסטאָקער פּערזענלעכקייטען
## FAMOUS BIALYSTOKER PERSONALITIES



**דר. יוסף כאַזאַנאָוויטש**

פּאָפּולערסטער און באַליבטסטער דאָקטאָר אין שטאָט, גרויסער ציוניסטישער אידעאַליסט, גרינדער פון דער נאַציאָנאַל ביבליאָטעק אין ירושלים, אין וועלכער ער האָט אריינגעלייגט זיין גאַנצען לעבען און פאַרמעגען. געשטאָרבען אין יעקאַטערינאָסלאַוו אין 1920.

**Dr. Yoseph Chazanowich**

Most popular and best beloved of the physicians in town, ardent Zionist, founder of the National Library in Jerusalem, to which he devoted his life and fortune; died in 1920.



**דר. לודוויג זאַמענהאָף**

באַוואוסטער אויגען־דאָקטאָר און דערפינדער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך „עספּעראַנטאָ". געשטאָרבען אין וואַרשע אין 1917.

**Dr. Ludwig Zamenhoff**

Well-known eye-specialist and inventor of the international language Esperanto; died in Warsaw in 1917.



**מנחם מענדעל דאָליצקי**

באַרימטער העברעאישער דיכטער און ראָמאַניסט, עלטסטער זון פון „וועלוועל דער שוחט" פון יאַטקע־גאַס. איז געקומען אין אַמעריקע אין 1882 און געשטאָרבען אין סאַן פראַנציסקאָ אין יאָר 1931.

**Menachem Mendel Dolitzki**

Famous Hebrew poet and novelist, the oldest son of "Welwel the Shochet" of Yatke Street. Came to the U. S. in 1882 and died in 1931 in San Francisco.



**Zusman Segalowich**

Beloved Jewish poet in Poland, author of over 30 volumes of songs, poems, novels and short stories; chronicler of the destruction of Jewish life in the past war; lived in Tel-Aviv during his last seven years; died in New York in 1949 while on a visit.

**זוסמאַן סעגאַלאָוויטש**

באַליבטער אידישער דיכטער אין פּוילען, מחבר פון עטלעכע און דרייסיג בענדער פון לידער, פּאָעמען, נאָוועלען און ראָמאַנען, מקונן פון אונזער לעצטען אידישען חורבן. געלעבט זיינע לעצטע 7 יאָר אין תל־אביב. געשטאָרבען אין ניו יאָרק אין 1949, וואו ער איז געקומען אַלס גאַסט.

# וועלט-באַרימטע ביאַליסטאָקער פּערזענלעכקייטן
# FAMOUS BIALYSTOKER PERSONALITIES



**מאַקסים ליטווינאָוו**

סאָוועטישער דיפּלאָמאַט, אויסלאַנד־מיניסטער און געוועזענער אַמבאַסאַדאָר קיין וואַשינגטאָן. בעת זיין באַזוך אין די פּאַראייניגטע שטאַטען האָט ער אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון דער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט. איצט איז ער אין שטילער צוריקגעצויגענקייט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

MAXIM LITVINOFF

Soviet diplomat, former Foreign Secretary and Ambassador to the U. S. A. While in the U. S. he received a delegation of the Bialystoker Center.



**גענעראַל יגאל יאדין**

שעף פון דער ישראל־אַרמיי. אונטערגעשריבן דעם ערשטן וואָפנשטיל־שטאַנד אָפּמאַך צווישן ישראל און עגיפּטן.

GENERAL YIGAL YADIN

Chief of Staff of the Israeli Army. Signed the first cease-fire agreement between Israel and Egypt.



**פּראָפ. נאָרבערט ווינער**

ערפינדער און מאַטעמאַטיקער פון טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט אין מאַסאַטשוסעטס. צווישען אַנדערעם אויך ערפונדען דעם נייעם הער־אַפּאַראַט פאַר טויבע. זון פון פאַרשטאָרבענעם פּראָפ. לעאָ ווינער, מחבר פון דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור (אין ענגליש).

PROF. NORBERT WIENER

Inventor and mathematician at the Massachusetts Institute of Technology. One of his many inventions is a new hearing-aid for the deaf. Son of the deceased Prof. Leo Wiener, author of the "History of Jewish Literature" in English.



**ראָזאַ ראַאיסא (בורשטיין)**

באַרימטע אָפּעראַ־זינגערין. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי געגעבן אַ פּאָר קאָנצערטען לטובת דעם ביאַליסטאָקער רעליף. איצט לייטערין פון אַ קינסטלער־סטודיאָ אין שיקאַגאָ.

ROSA RAISA (BURSTEIN)

Famous opera singer. After the First World War she gave a benefit performance for the Bialystoker Relief. She now directs a music studio in Chicago.



**דזשאָרדזש סאָקאָלסקי**

באַוואוסטער אַמעריקאַנער שרייבער, לעקטשורער און ראַדיאָ־קאָמענטאַטאָר. אַלס קליינער אינגעל פלעגט ער קומען דאַוונען אין מנין פון ביאַליסטאָקער ביקור חולים אין ניו יאָרק, וואו זיין פאָטער איז געווען דער בעל־תפילה.

GEORGE SOKOLSKY

Famous American columnist, lecturer and radio commentator. As a small boy he attended services with his father in the Bialystoker Bikur Cholim in New York.

# ביאַליסטאָקער אידען אין אַמעריקע

(קורצער געשיכטליכער איבערבליק)

## „מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט" —

אָט דער היסטאָרישער גורל פון „אייביגען איד" האָט אויך ניט אויסגעמיטען אונזערע ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט. מיט דעם שטעקען אין האַנט און קלומיק אויף דער פּלייצע האָבען זיך די זין און טעכטער פון אונזער היימשטאָט געלאָזען אין דער גרויסער וועלט אריין, ווער מיט דעם צוועק צו באַפרייען זיך פון מיליטער-פּליכט, ניט צו „דינען דעם קיסר", ווער מיט דער האָפענונג זיך אַרויסצודרייען פון פאַרפאָלגונג און שטראָף פאַר פּאָליטישע „פאַרברעכענס", און ווער גאָר פּשוט צו זוכען מזל און ברויט פאַר זיך און פאַמיליע. איינע פון די לענדער, וואוהין עס האָבען דערגרייכט די ביאַליסטאָקער וואָגלער איז געווען אונזער אַמעריקע.

די איינוואַנדערונג פון ביאַליסטאָקער אידען אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָט זיך אָנגעהויבען מיט כמעט גאַנצע הונדערט יאָר צוריק.

ווי עס איז שוין באַוואוסט (זען „ביאַליסטאָקער שטימע", 250, אַפּריל, 1948) האָט שוין אַזוי פריה ווי אין יאָר 1842 דער ערשטער ביאַליסטאָקער אימיגראַנט, אַ געוויסער איד שמחה צפת, צום ערשטען מאָל באַטראָטען דעם באָדען פון ניו יאָרק. נאָך מעהר, זאָגאַר אין יאָר 1864 האָט שוין עקזיסטירט די ערשטע ביאַליסטאָקער פּיאָנערן-גרופּע, אַ „ביאַליסטאָקער אונטערשטיצונג-פאַראיין". דאָס זיינען אָבער בלויז אָפּגעזונדערטע פאַלען פון איינצעלנע לאַנדסלייט, וועלכע זיינען געקומען קיין אַמעריקע. קיין מאַסען-עמיגראַציע פון ביאַליסטאָק איז נאָך דאַן ניט געווען.

די ערשטע גרויסע ביאַליסטאָקער עמיגראַציע קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבען אין די אַכציגער יאָרען פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, און זינט דאַן האָבען כסדר אַהער געשטראָמט מחנות ביאַליסטאָקער אידען. היינט-צו-טאָג ציילט דער ביאַליסטאָקער קיבוץ אין אַמעריקע בערך 50,000 לאַנדסלייט.

אַמעריקע, דאָס „קלאַסישע לאַנד פון גרויסער געלעגענהייט", האָט געגעבען די ביאַליסטאָקער אימיגראַנטען די געוואונטשענע מעגליכקייט אויסצונוצען זייער טאַלאַנט, שעפערישקייט און אונטערנעמערישען גייסט, פעהיגקייטען און פאַך-קענטנישען, מיט וועלכע ביאַליסטאָקער אידען האָבען זיך שוין קונה שם געווען אומעטום. בויען און שאַפען, אָט די אייגענשאַפטען, וועלכע זיינען איינגעבאָרען אין די „ביאַליסטאָקער בלוטען", האָבען פיל מיטגעווירקט און געדינט אַלס קאָלאָסאַלער „ביאַליסטאָקער ביישטראָג" צו אַמעריקע בכלל און צו אונזער אידיש לעבען דאָ אין לאַנד, בפרט.

מיט גרויס שטאָלץ קענען מיר אָנווייזען אויף די וויכטיגע לייסטונגען און אויפטועך פון אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע אויף דעם געביט פון בוי-וועזען (בילדינג-אינדוסטריע), טעקסטיל-אינדוסטריע, קליידער-שעפער און אַנדערע צווייגען אין לעבען. ביאַליסטאָקער אידען האָבען דאָ אויפגעשטעלט ריזיגע אַפּאַרטמענט-הייזער און טויזענטער קליינע פּריוואַטע היימען און אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפען לינדערען דעם שרעקליכען וואוינונג-קריזיס אין לאַנד. אין פּעטערסאָן, ניו דזשורזי, האָבען זיי אַנטוויקעלט די טעקסטיל-אינדוסטריע צו דער העכסטער שטופע.

ביאַליסטאָקער אידען האָבען אויך אַריינגעבראַכט מזל-ברכה אין פאַרשיידענע טריידס און מלאכות און זיי אַנטוויקעלט ביז'ן העכסטען גראַד. עס איז אויך שטאַרק קענטיג דער ביאַליסטאָקער איינפלוס אין דער גייסטיגער געשטאַלטונג פון אידיש-אַמעריקאַנעם לעבען, וואו געניאַלע קעפּ און מחות פון אונזערע לאַנדסלייט האָבען פּשוט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין מעדיצין און אַנדערע וויכטיגע וויסענשאַפטען. אונזערע לאַנדסלייט זיינען אויך באַרימט אויף דעם געביט פון ליטעראַטור און קונסט (אייניגע פון זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט אַלס צייטונגס-אַרויסגעבער און בוך-פאַרלעגער), און אפילו אין דעם פּאָליטישען לעבען פון לאַנד.

די וויגעלע פון אַ געזעלשאַפטליך אידיש ביאַליסטאָק אין אַמעריקע איז געשטעלט געוואָרען אין ניו יאָרק נאָך אין יאָר 1897, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרען דער „ביאַליסטאָקער בקור חולים". די דאָזיגע אינסטיטוציע האָט פיל געהאָלפען די אַריבערגעקומענע ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. היינט צו טאָג זיינען פאַראַן בסך-הכל 40 ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציעס איבערן לאַנד, אַ העלפט דערפון איז אין ניו יאָרק.

אַ קאָלאָסאַלע געשעהעניש פון גרויסען היסטאָרישען פאַרנעם איז פאָרגעקומען אין יאָר 1919, טאַקע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען דעם שרייבער פון די שורות איז געלונגען צו גרינדען דעם באַרימטען „ביאַליסטאָקער רעליף", וואָס איז מיט דער צייט געוואָרען אַ מין „פעדעראַציע" פון אַלע ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציעס פון גאַנצען לאַנד. דאָס איז פאָרגעקומען אַלס רעזולטאַט פון אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון אַלע ביאַליסטאָקער געזעלשאַפטליכע גרופּען אַרום איין „רונדען טיש" און זינט דאַן איז געשאַפען געוואָרען אַן איינהייטליכער ביאַליסטאָקער אידישער פראָנט אין אַמעריקע פאַר אַלע לאַנדסמאַנשאַפטליכע באַדערפענישען און נויטען אומעטום.

דער „רעליף" האָט אין משך פון די יאָרען 1919-1932 אַריבערגעשיקט קיין ביאַליסטאָק 5 מיליאָן דאָלער און זי פאַקטיש „געשטעלט אויף די פיס".

פון דעם „ביאַליסטאָקער רעליף" איז אויסגעוואַקסען דער „ביאַליסטאָקער צענטער", וועלכער איז פאַקטיש געוואָרען דער וועלט-אַדרעס פון די ביאַליסטאָקער אידען אומעטום. דער „ביאַליסטאָקער צענטער" אין ניו יאָרק איז געוואָרען, אַזוי צו זאָגען, די „צווייטע ביאַליסטאָק" אין אַמעריקע, די צענטראַלע קערפּערשאַפט, אַרום וועלכער עס גרופּירען און וואַרעמען זיך אַלע לאַנדסלייט דאָ

# BIALYSTOKER JEWS IN AMERICA

(BRIEF HISTORICAL SURVEY)

## *"WITH THE WANDERER'S STAFF IN HAND . . ."*

That historic fate of the "eternal Jew" has also been shared by our Bialystoker landsleit.

Staff in hand, pack on back, the sons and daughters of our hometown set out into the great wide world—some for the purpose of evading military service to the Czar; others in the hope of dodging oppression and punishment for political "crimes"; still others in the hunt of good fortune and a livelihood for themselves and their families. And one of the countries the Bialystoker wanderers set foot on, was our America.

The influx of Bialystoker Jews to these shores began almost a century ago.

As is known (note "Bialystoker Stimme," No. 250, April, 1948), the first Bialystoker immigrant, a Jew, Simcha Tzfas, first landed on New York soil as early as 1842. Moreover, as early as 1864, the first Bialystoker pioneer group, a "Bialystoker Aid Society," was already functioning. These, however, are but isolated instances of individual landsleit who came to America. Mass emigration from Bialystok was non-existent then.

The first large-scale Bialystoker emigration to America began in the 80's of the nineteenth century, and since then, hosts of Bialystoker Jews continued to stream here. Bialystoker landsleit in the United States today total approximately 50,000.

"Classic land of great opportunity," America has afforded the Bialystoker immigrants the chance they sought for fully utilizing their talents, creativity, enterprising spirit, along with their abilities and special skills, for which Bialystoker Jews have won wide repute everywhere. The innate abilities of building and creating, characteristic of Bialystoker, have aided in enhancing the "Bialystoker contribution" to the upbuilding of America at large, and Jewish life in this land in particular.

It is with considerable pride that we may point to the important endeavors and attainments of our landsleit in America—in the building construction, textile and clothing fields, and in other realms of activity. Bialystoker Jews have built huge apartment houses and thousands of small, private homes, thus alleviating, in large measure, the acute housing shortage in this land; they have built flourishing communities in desolate areas of Brooklyn, Long Island and the Bronx, which, once barren, now quarter both homes and offices—the last word in architecture and comfort and a hub of vibrant, fruitful activity.

Bialystoker Jews have, too, widely expanded and developed trades and industries. Also notable is the Bialystoker influence in the intellectual sphere of American Jewish life, as is illustrated by the epochmaking contributions of a number of our brilliant landsleit to medicine and other important sciences, and by the vital role of others in the fields of literature and art (some have excelled as newspaper and book publishers) and in the political life of this land.

The beginnings of communal life of Bialystoker Jews in America go back to 1897, when, in New York, the Bialystoker Bikur Cholim was founded. That institution greatly aided the newly-arrived Bialystoker landsleit in the United States.

Fraternal Bialystoker organizations likewise sprang up. Today, forty Bialystoker societies function in America, half that total in New York.

A highly significant event of great, historic scope occurred in 1919, immediately following World War I, when this writer succeeded in establishing the well-known Bialystoker Relief Society, which eventually came to be a so-called Federation of all Bialystoker organizations in the land. This development climaxed a Conference of spokesmen of all Bialystoker organizations, gathered at the "round table," and since then a unified Bialystoker Jewish front in America was created to fulfill all landsmanshaft needs everywhere.

During the years 1919-1932, the Bialystoker Relief Society dispatched $5,000,000 to the hometown, virtually rehabilitating it.

As the consequence of the Bialystoker Relief Society, the Bialystoker Center came into being in New York City. Focal point for Bialystoker Jews throughout the world, the Center has become the so-called "Second Bialystok" in America, the headquarters around which all landsleit in the United States congregate. It is the Mecca for all Bialystoker communal, philanthropic and cultural undertakings and activities.

אין לאַנד, און וואוהין עס ווענדען זיך ביאַליסטאָקער פון דער גאַנצער וועלט וועגען אַלע זייערע פּראָבלעמען פון אָנגעלעגנהייטען. דער „צענטער" איז דער לאַנדסמאַנשאַפטליכער נעסט פאַר אַלע געזעלשאַפטליכע, פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אַרבעטען און אַקטיוויטעטען.

אין יאָר 1927, אין אָנבליק פון דעם פאַקט אַז די ביאַליסטאָקער אימיגראַציע ווערט אַלט און עס פילט זיך אַ נויטווענדיקייט צו באַזאָרגען די אַלטע לאַנדסלייט מיט רוהיגע פיר ווינקלען אין די געשענקטע יאָרען פון זייער לעבען, איז אין „ביאַליסטאָקער צענטער" אויסגעוואקסען דער פּראָבלעם פון אַ מושב זקנים. פאַר דעם צוועק איז אין 1931 אויפגעבויט געוואָרען אויף 228 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק, אין דער סאַמע האַרץ פון דער אידישער איסט־סאַיד, אַ פּראַכטפולע 10־שטאָקיגע געביידע, מאָדערן איינגעריכטעט און אויסגעשטאַטעט, וואו ס'איז געשאַפען געוואָרען דער איצט אַזוי־באַרימטער „ביאַליסטאָקער האָום". אָט די „היים מיט אַ נשמה" האָט געעפענט ברייט און גאַסטפריינדליך טיר און טויער ניט בלויז פאַר ביאַליסטאָקער אַליין נאָר פאַר אַלע עלענטע, שוואַכע און הילפלאָזע אַלטע לייט, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ היימישע אַטמאָספער צו דער־ציען זייערע יאָרען. היינט־צו־טאָג געפינען זיך אין דעם ביאַליסטאָקער מושב זקנים 300 אַלטיטשקע, וועלכע באַקומען דאָרט נאַרהאַפטע באַשפייזונג, מעדיצינישע באַהאַנדלונג, מיט אַ שפּיטאָל און אַלע אַנדערע נויטיגקייטען צו קענען זיך אויסלעבען אין רוה און באַקוועמליכקייט.

אין דער זעלבער געביידע געפינט זיך אויך דער „ביאַליסטאָקער צענטער" מיט זיינע ברייט־פאַרצווייגטע אַקטיוויטעטען. עס איז אויף אַזאַ אופן פאַרווירקליכט געוואָרען דער גרויסער ביאַליסטאָקער חלום פון „אַ צענטער פאַר יונגע און אַ היים פאַר די אַלטע". דער בודזשעט פון דער אינסטיטוציע באַטרעפט 200,000 דאָלער אַ יאָר.

ווי שוין דערמאָנט, טוט דער „ביאַליסטאָקער צענטער" זייער פיל אויף דעם קולטורעלען געביט. ער העלפט די אידישע ליטעראַטור און קונסט, שטיצט שרייבער און קינסטלער אין אַ ברייטען נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב, האַלט אָן פאַרבינדונגען מיט די וויכטיגסטע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס און ערמוטיגט די גייסטיגע שעפערישע כחות אין אידישען לעבען.

דער וויכטיגסטער קולטורעלער אויפטו פון „ביאַליסטאָקער צענטער" איז, אָן צווייפעל, די „ביאַליסטאָקער שטימע", דאָס ביאַליסטאָקער געדרוקטע וואָרט און די גייסטיגע בריק צווישען אַלע ביאַליסטאָקער איבער דער גאַנצער וועלט. די „שטימע", אַ פּעריאָדישע צייטשריפט, געגרינדעט און רעדאַקטירט פונ'ם שרייבער פון די שורות, אין 1921, ווערט געלייענט אין אַלע עקען וועלט, וואו עס געפינט זיך נאָר אַ ביאַליסטאָקער ישוב. אַן אוצר פון לאַנדסמאַנשאַפטליכער מעמואַריסטיק, כראָניק פון לויפענדע געשעהענישען און פאַסירונגען אין דעם לעבען פון דער אינסטיטוציע ווי בכלל ביי אַלע ביאַליסטאָקער איבער דער גאַנצער וועלט, אינטערעסאַנטע אַרטיקלען און לידער, וויכטיגע אַרבעטען און אָפּהאַנדלונגען, געשריבען פון באַגאַבטע ביאַליסטאָקער און אַנדערע שריפטשטעלער, איז די „שטימע" דאָס גייסטיגע ביאַליסטאָק, אַזוי צו זאָגן די „ביאַליסטאָק של מעלה", וואָס שוועבט אויף די פליגלען פון געדרוקטען וואָרט, פאַרבינדט צוזייטע און צושפּרייטע, דערנענטערט ווייטע און פאַרוואָרפענע און האַלט אָן דעם גייסטיגען פאָדעם פון איין היימשטאָט, איין אָפּשטאַם, איין לאַנדסמאַנשאַפט: ביאַליסטאָק.

אַ קאַפּיטעל פאַר זיך איז די אָרגאַניזירטע ביאַליסטאָקער פרוי. אין 1923 האָט דער „ביאַליסטאָקער צענטער" געגרינדעט די ביאַליסטאָקער ליידיס אָקזילערי, וועלכע איז היינט־צו־טאָג די גרעסטע לאַנדסמאַנשאַפטליכע פרויען־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע און אַ וויכטיגער זייל אין דער עקזיסטענץ פון דער אינסטיטוציע. עס עקזיסטירען אויך קלענערע ביאַליסטאָקער פרויען־אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק, ווי די „בראָנקס ליג", די „יאָנג וווימענס ליג", די „באָראָ פּאַרקער ליידיס אָקזילערי", א. א. וו. מיר פאַרמאָגען אויך וויכטיגע און שעפערישע ביאַליסטאָקער פרויען־סאָסייעטיס אויף דער פּראָווינץ.

נאָך דעם לעצטען חורבן האָט דער „ביאַליסטאָקער צענטער" פון ניו יאָרק ווייטער אויפגעלעבט די רעליף־אַרבעט, געזאַמעלט 60,000 דאָלער פאַר די לעבען־געבליבענע לאַנדסלייט, געשיקט הילף קיין ביאַליסטאָק גופא צו די רעשטלאַך פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, פאַר די ביאַליסטאָקער פּליטים אין די לאַגערען און אין פאַרשיידענע לענדער, וואו ביאַליסטאָקער מלחמה־וואָגלער האָבען זיך באַזעצט, איינשליסענדיג מדינת ישראל.

אין יאָר 1949 האָט דער „צענטער" פאַררופען די היסטאָרישע ביאַליסטאָקער וועלט־קאָנווענשאָן, צו וועלכער עס זיינען געקומען פאָרשטייער פון 12 לענדער און וואו עס איז געלייגט געוואָרען דער געדאַנקליכער גרונטשטיין פון אַ „קרית ביאַליסטאָק" אין ישראל.

***

ווי שוין געזאָגט, לאָזען זיך ביאַליסטאָקער אידען שטאַרק מערקען ניט בלויז אין ניו יאָרק אַליין, נאָר טאַקע איבער גאַנץ אַמעריקע, וואו זיי רופען אַרויס באַוואונדערונג און רעספּעקט מיט זייער שעפערישען גייסט און גרויסע אויפטוען.

וויכטיגע לאַנדסמאַנשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס פון ביאַליסטאָקער אידען געפינען זיך אין: שיקאַגאָ, איל.; מילוואָקי, וויסק.; פּעטערסאָן, נ. דזש.; נואַרק, נ. דזש; דעטראָיט, מיש.; פילאַדעלפיע, פּא; לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפ. א. א. וו. די אַלע אָרגאַניזאַציעס און לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען פיל געטאָן און געהאָלפען אין דער פאַראייניגטער אַרבעט און זיינען געטרייע צווייגען פון דעם ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים אין ניו יאָרק.

די ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע ווערט פאַררעכענט פאַר דער טעטיגסטער און פרוכטבאַרסטער פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען. אירע אויפטוען ווערען אָפּגעשאַצט און אָנערקענט פון דער גאַנצער אידישער עפענטליכער מיינונג.

די ביאַליסטאָקער אידען זיינען אַ מזל־ברכה פאַר אונזער לעבען דאָ אין לאַנד.

לאַנג, יאָרענלאַנג זאָלען מיר נאָך קענען ציען די גאָלדענע קייט פון — ביאַליסטאָק אין אַמעריקע!

**ד. ס.**

In 1927, with the problem of the aged amongst the Bialystoker immigrant landsleit having become increasingly grave, the need arose to provide them with a Home for the Aged, to enable them to spend the sunset years of their lives in contentment and peace of mind. Accordingly, in 1931, a beautiful, 10-story edifice was built for that purpose. Located at 228 East Broadway, New York, in the heart of the city's East Side, the building houses the now-renowned Bialystoker Home. Installed with the most modern equipment, this Institution, the "Home with a Soul," has opened widely its doors and its heart—not alone to Bialystoker, but also to all lonely, feeble and helpless old folks in need of a roof overhead, in the declining years of their lives.

The Home today houses 300 old folks whom it provides with nourishing foods, medical treatment, a hospital and all other needs, to assure them of fullest comfort and convenience.

Quartered in the same building are the Bialystoker Center and its manifold activities. Thus, the great Bialystoker dream of a "Center for the Youth and a Home for the Aged" has been realized. The Institution's annual budget totals $200,000.

As has been noted, the Bialystoker Center can point to a number of accomplishments in the cultural field. It aids in the advancement of Jewish literature and art, extends assistance to Jewish writers and artists; on a wide, national scale, it maintains contact with the most important national organizations and institutions, stimulating the creative forces in Jewish life.

The Bialystoker Center's most important accomplishment is, most certainly, its publication of the "Bialystoker Stimme," the bridge which links, by means of the printed word, all Bialystoker the world over. The "Stimme," published periodically, was founded and is being edited by this writer. Circulated throughout the globe, wherever a Bialystoker community exists, this publication includes a veritable treasure of landsmanshaft memoirs, a chronicle of current events with regards to the Institution itself and all Bialystoker, the world over. In its columns, too, are interesting articles and verse, along with important researches and analyses. The "Stimme's" material, written by talented Bialystoker, make this magazine the spiritual Bialystok, so to speak, that links the stranded, brings far-off landsleit closer to one another and keeps alive the intellectual thread of one hometown, one descent, one landsmanshaft: Bialystok.

A chapter in itself is provided by the organized Bialystok womanhood. In 1923, the Center organized the Bialystoker Ladies' Auxiliary, today the largest landsmanshaft women's group in America and a vital pillar in the maintenance of the Center. Functioning, too, in New York, are smaller Bialystoker women's organizations, as for example, Bronx League, Young Women's League, Boro Park Ladies' Auxiliary, and others. In other cities and towns, also, important and flourishing Bialystoker women's groups function.

Following the Nazi holocaust, the Bialystoker Center in New York revived its relief activity and raised $60,000 for the surviving landsleit. It also dispatched relief to Bialystok itself, for the remaining Jews there who were spared in the great catastrophe and to the Bialystoker D.P.'s in the camps in various lands where they had settled, including Israel.

In 1949, the Center convoked the historic Bialystoker Convention, attended by representatives of twelve countries, at which plans were mapped for the establishment of a "Kiryat Bialystok" in Israel.

As has been indicated, Bialystoker Jews play a leading role not alone in New York, but also throughout the land, where they arouse admiration and respect for their creative spirit and great accomplishments.

Important landsmanshaft organizations of Bialystoker Jews function in Chicago, Ill.; Milwaukee, Wis.; Paterson, N. J.; Newark, N. J.; Detroit, Mich.; Philadelphia, Pa.; Los Angeles, Cal., and other prominent localities. All organizations and landsmanshaften have contributed mightily and added splendidly in the furtherance of the common endeavor, and serve as devoted Branches of the Bialystoker Center and Home for the Aged in New York.

The Bialystoker Landsmanshaft in America is regarded as the most active and flourishing of all landsmanshaften. Its achievements are lauded and held in high regard by the entire Jewish public opinion.

Bialystoker Jews are a blessing to our life in these United States. May we continue to carry forward, for many, many years, the golden heritage of Bialystok in America.

## THE BIALYSTOKER YIDDISH PRESS

## דאָס געדרוקטע ביאַליסטאָקער וואָרט

BIALYSTOKER STIMME

ביאַליסטאָקער שטימע

דערשיינט יעדען חודש

אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אמעריקא

אַרויסגעגעבען פון ביאַליסטאָקער צענטער, 228 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק

דוד סאָהן, רעדאַקטאָר

Published Monthly by the Bialystoker Center 228 East Broadway, N. Y. City

„ביאַליסטאָקער וועכן"

די ביאַליסטאָקער הײם

New York, July, 1930

„UNZER ŁEBN"

הײנט 8 זײטן

פרייז 15 גראשן

אונזער לעבן

רעדאַקטאָר פ. קאַפּלאַן

№156 Niedziela 9 Lipca 1939

Adres Białystok, Kilińskiego 23, tel. 11-51




צום 25 יאָריקן יובילעאום

ביאַליסטאָקער יאַנג מענ׳ס אסס׳ן

זונטיק, דעם 18־טן אָקטאָבער, 1931

ביאַליסטאָקער

פרויען זשורנאַל

רעדאַקטירט פון דוד סאָהן

בולעטין

פון

ביאַליסטאָקער צענטער און בקור חולים

228 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק

דעצעמבער 1925 נומער 16

ביאַליסטאָקער אַלמאַנאַך

ביאַליסטאָק 1931

OPŁATA POCZTOWA UISZCZONA RYCZAŁTEM

Der Białystoker Weker

№ 3

פרייז 15 גראשן

אַדרעס פון רעדאַקציע:

Der Białystoker Weker

Białystok, Kilińskiego 11.

פאַר בריוו און געלט־זענדונגען:

Starowlański Icchok

Białystok, Białostoczańska 20

אַנאָנסן־פרייז:

א מילימעטער שורה פאַרן טעקסט 50 גר.

נאָכן טעקסט 40 גר.

אין טעקסט 1.00 זל.

פאַרן אינהאַלט פון די אַנאָנסן איז די רעדאַקציע ניט פאַראַנטוואָרטלעך.

דער ביאַליסטאָקער

וועקער

ביאַליסטאָק, פרייטיק דעם 27 דעצעמבער 1929.

ביאַליסטאָקער לעקסיקאָן

ביאַליסטאָקער פריינט

1940 1905

רעדאַקטירט פון

יעקב הערצליאַק

דער ביאַליסטאָקער

פונדאַמענט

אַרויסגעגעבן לכבוד דעם

דרייסיג יאָריגן יובילעאום באַנקעט

ביאַליסטאָקער בריקלייערס

זונטאָג, דעם 10 טען מאַרטש, 1935

דער ביאַליסטאָקער פּיאָנער

1886 45־יאָריגער יובילעאום זשורנאַל 1931

פון

ביאַליסטאָקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין

„סומך נופלים"

רעדאַקטירט פון

דוד סאָהן

דער ביאַליסטאָקער זשורנאַל

לכבוד דעם 10 יאהריגען יובילעאום

פון דער

ביאַליסטאָקער פרויען רעליעף סאָסייעטי

1925 פּעטערסאָן, נ. דזש. 1935




Display of Various Newspapers and Magazines

דיאַגראַם פון פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן.

# ביאַליסטאָקער פּיאָנערן און בויער, ניו יאָרק
# BIALYSTOKER PIONEERS AND BUILDERS, NEW YORK

זיי זיינען געקומען אין די אַכציגער און ניינציגער יאָרען פון לעצטען יאָרהונדערט און דאָ געהאָלפען בויען אַמעריקע און דעם היגען אידישען געזעלשאַפטלעכען לעבען.

THEY CAME TO THESE SHORES IN THE 80's AND 90's OF THE LAST CENTURY AND HELPED BUILD THIS COUNTRY AND JEWISH COMMUNAL LIFE HERE.

* * *



### שמחה צפת

דער ערשטער ביאַליסטאָקער איד וואָס איז געקומען אין אַמעריקע אין יאָר 1842. ער האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגען, אינטערעסאַנטען אַוואַנטוריסטישען וועג. ער איז געשטאָרבען אין ניו יאָרק אין 1917 אין עלטער פון 103 יאָר (אַן אויספירליכע ביאָגראַפישע באַשרייבונג וועגען שמחה צפת געפינט זיך אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע", נומער 250, אַפּריל, 1948).

### SIMCHA TZFAS

The first Bialystoker Jew to come to the U. S. in 1842. His was a long, interesting and adventurous life and he lived to be 103. Died in New York in 1917. A detailed biography of Simcha Tzfas appeared in the "Bialystoker Stimme," No. 250, April, 1948.



זעליג וויקטאָר
(געשט. 1935)
ZELIG VICTOR
(Died in 1935)



ירחמיאל ליפשיץ
(געשט. 1942)
YERACHMIEL LIFSHITZ
(Died in 1942)



דזשאָזעף ליפּניק
(געשט. 1943)
JOSEPH LIPNIK
(Died in 1943)

3 לאַנדסלייט-פּיאָנערן וואָס זיינען געקומען אַלס יונגע-לייט אין אַמעריקע אָנהויב די אכציגער יאָרען. זיי האָבען געגרינדעט דעם ביאַליסטאָקער פאראיין „סומך נופלים" (1886) און שפּעטער אויך דעם ביאַליסטאָקער „בקור חולים" (1897). זיי זיינען פארבליבען אַקטיווע טוער אין דער לאַנדסמאַנשאַפט ביזן סוף פון זייערע יאָרען.

Three Bialystoker pioneers who arrived here as youths at the beginning of the 80's. They founded the Bialystoker Society "Somech Noflim" (1886) and later the "Bikur Cholim" (1897). They remained active and devoted leaders until their deaths.

# ביאליסטאקער פיאנערן און בויער, ניו יארק

# BIALYSTOKER PIONEERS AND BUILDERS, NEW YORK



### מארים אייזענמאן

גרינדער און פרעזידענט פון „מעטרא־פאליטאן ניוס קא.״ (די גרעסטע צייטונגס־פארשפרייטונגס אגענטור). א הייסער ציוניסט און הארציגער אונטערשטיצער פון דער אידישער ליטעראטור און קונסט. צוטיילט ביי זיין לעבען גרויסע סומען פאר צדקה. געווען עהרן־פרעזידענט פון ביאליסטאקער צענטער און מושב זקנים. געשט. אין 1948.

**Morris Eisenman**

Founder and President of Metropolitan News Co. Zionist and Philanthropist. Hon. President, Bialystoker Center and Home for the Aged. Died in 1948.



### לואיס קאהען

סוחר און משכיל, היימישער חובב ציון און חבר פון יעקב סאפירשטיין. האט געעפענט דעם ערשטען גרויסען צירונג געשעפט אויף גרענד סטריט אין די אכציגער יארן. געווען טעטיג אין דער ביאליסטאקער שוהל.

**Louis Cohen**

Merchant, scholar, veteran Zionist. Founded large jewelry business. Active in the Bialystoker Synagogue.



### לואיס מארקום

בוי־אונטערנעמער און בעל צדקה. איז געקומען אלס א 16־יאריגער ארימער אינגעל פון ביאליסטאק און האט דורך שווערער הארעפאשנער ארבעט דערגרייכט צו דער העכסטער שטופע אלס מיליאנער און דערפאלגרייכער סאבוועי־בויער. ער האט אויפגעבויט די איסט סייד (עסעקס סטריט) סאבוועי. אין 1933־34 איז ער געווען פרעזידענט פון ביאליסטאקער מושב זקנים. געשט. אין 1934.

**Louis Marcus**

Builder and philanthropist. At the age of 16 he came to the United States from Bialystok and achieved here the pinnacle of success as a millionaire and subway-builder. He built the East Side (Essex St.) Subway. President of the Bialystoker Home for the Aged in 1933-34. Died in 1934.



### סעמועל גרינבערג

פון די ערשטע אידישע „סעטלערס״ אין בראנזוויל, ניו יארק. אלס פארמער געגרינדעט די ערשטע אידישע מילך־פירמע, וועלכע עקזיסטירט נאך ביז היינט. צוטיילט א סך צדקה פאר זיין היים־שטעטעל זאבלודאווע, האט אויך געשטיצט דעם ביאליסטאקער צענטער פון ניו יארק. געשט. 1933.

**Samuel Greenberg**

Of the first settlers in Brownsville, Brooklyn. Founded the first Jewish milk firm which still exists. Contributed large sums to his home town Zabludowe and supported Bialystoker Center in New York. Died in 1933.



### מייער קאפלאן

סוחר און נדבן, גרינדער פון א גרויסען צודאטען־געשעפט (טרימינגס). געווען אקטיוו אין ביאליסטאקער שוהל, אין „בראדערלי לאוו אסס׳ן״ און אין ביאליסטאקער רעליף. געשט. אין 1929.

**Meyer Kaplan**

Merchant, philanthropist, founder of trimmings business. Active in Bialystoker Synagogue, Brotherly Love Ass'n. and Relief. Died 1929.

# ביאַליסטאָקער פּיאָנערן און בויער, ניו יאָרק
# BIALYSTOKER PIONEERS AND BUILDERS



יעקב סאַפּירשטיין

גרינדער און אַרויסגעבער פון דעם ניו יאָרקער „אידישען מאָרגען זשורנאַל". פון דער היים אַ סוחר און פון די ערשטע „חובבי ציון". געשט. 1913.

JACOB SAPERSTEIN

Founder and publisher of the New York daily newspaper, "The Jewish Morning Journal." In Bialystok he was a merchant and one of the first Zionists; died in 1913.



סעמועל שאָסקאַן (שאַצקי)

טעקסטיל־עקספּערט. האָט פאַרנומען אַ וויכטיגען אָרט אויפ'ן דאָזיגען געביט. האָט געהאָלפען אַנטוויקלען דעם טעקסטיל־האַנדעל מיט אויסלאַנד. געשטאָרבען אין 1912. זיינע קינדער „שאָסקאַן ענד קאָ." זיינען באַוואוסטע וואָל־סטריט בראָוקערס.

SAMUEL SHOSKAN (SHATZKI)

Textile expert, occupied a prominent position in the textile industry and in the textile export line. Died in 1912. His children "Shoskan & Co." are prominent Wall Street brokers.



הרב ר' חיים שרגא בראָדסקי

רעדנער, אָרגאַניזאַטאָר, געזעלשאַפטליכער עסקן, מיטגרינדער פון הכנסת אורחים (איצטיגער „האַיאַס") און פון פילע אַנדערע אינסטיטוציעס. געווען רב פאַר פילע יאָרען אין פילאַדעלפיע און נוואַרק, נ. דזש. געווען אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע האָט אים געשיקט אַלס רעליף־שליח קיין ביאַליסטאָק אין 1920. געשטאָרבען אין 1938.

RABBI CHAIM SHRAGA BRODSKY

Orator, organizer, communal leader, co-founder of the Hias (Hebrew Immigrant Aid Society) and many other charitable institutions. Served as rabbi for many years in Philadelphia and Newark, N. J. Active in the landsmanshaft that sent him to Bialystok in 1920 on a relief mission. Died in 1938.



זעליג קאַנטאָראָוויטש

פאַרלעגער און דרוקער, אַ צייט געווען דער אייגענטימער פון דער באַרימטער „גרייזעל פּרעס". געווען טעטיג אין דעם ביאַליסטאָקער צענטער. געשט. אין 1945.

ZELIG KANTOROWICH

Printer and publisher, one-time owner of the famous Greizel Press; active in the Bialystoker Center; died in 1945.



סעמועל גרינשטיין

אינדוסטריאַליסט, ריעל עסטייטמאַן. היימישער משכיל און בעל צדקה. האָט אויפגעבויט אין זיין צייט (אָנהויב די צוואַנציגער יאָרען) דעם גרעסטען געשעפט פון וויכע מעבל (אָפּהאָלסטערי) און געווען אַקטיוו אין ביאַליסטאָקער געזעלשאַפטליכע טעטיקייטען. געשט. אין 1924.

SAMUEL GREENSTEIN

Industrialist, real estateman, scholar and philanthropist. Proprietor of the largest upholstery business in the 1920's. Active in many Bialystoker undertakings. Died in 1924.




**בית
הכנסת
אנשי
ביאַליסטאָק
ניו יאָרק**

•

די
ביאַליסטאָקער
שוהל
פון 7 ווילעט סטריט
ניו יאָרק
געגרינדעט אין
1878
די עלטסטע
ביאַליסטאָקער חברה
אין אמעריקע.

**THE SYNAGOGUE ANSHEI BIALYSTOK NEW YORK**

•

The Bialystoker Synagogue of 7 Willet Street New York was founded in 1878 and is the oldest Bialystoker Congregation in America.

## די איצטיגע הויפּט־באַאמטע



האָנ. סאל פּרייס, באוואוסטער יו־ריסט און ריכטער, פּרעזידענט פון דער ביאַליסטאָקער שול.

HON. SOL PRICE, well-known jurist and judge, President of the Bialystoker Synagogue.



לואיס דייוויס, סעקרעטאַר פון שול, לאַנג־יאָריגער כלל־טוהער אויף דער איסט סייד און דער טרעזשורער פון ביאַליסטאָקער מושב זקנים.

LOUIS DAVIS, Sec'y of Synagogue and Treas. of Home for Aged.



הרב ר' מיכל שמעון איסקאָלסקי, גייסטיגער פירער פון דער ביאַליסטאָ־קער שול און אָנגעזעענער טוהער אין דער רבנישער וועלט.

RABBI MICHEL SHIMON ESKOLSKY, spiritual leader of the Bialystoker Synagogue and well-known Rabbinical leader.

## ביאַליסטאָקער אין דער אינדוסטריע, קאָמערץ און אין דער געזעלשאַפט

## BIALYSTOKER IN INDUSTRY, COMMERCE AND COMMUNAL AFFAIRS



### איזידאָר רייסאָן

אינדוסטריאַליסט, דרוק אייגענטימער. טעטיג אין אידישען געזעלשאַפטלעכען לעבען, דאָנאָר און דירעקטאָר פון ביאַליסטאָקער האָום, מיטגרינדער פון „גאָרדאָן פאַמיליע סוירקעל".

**Isidor Reison**

Industrialist and owner of printing firm; active in Jewish communal life; contributor and director of the Bialystoker Center; co-founder of the Gordon Family Circle.



### סעם קאָהען

געזעלשאַפטליכער טוער, טעטיג ביי די אידישע בעקער־בעלי בתים און אין אַנדערע געזעלשאַפטען, דירעקטאָר פון ביאַליסטאָקער האָום און אַקטיוו אין ביאַליסטאָקער בר. 88 א. ר.

**Sam Cohen**

Communal leader, active in the Baker's Association and other organizations; director of the Bialystoker Home, and active in Bialystoker Branch 88, Workmen's Circle.



### דזשעק גאָרדאָן

דרוק־אייגענטימער און ריעל־עסטייט־מאַן, עהרן־פרעזידענט פון ברוקלין אינפענטס האָום, און נדבן צו ביאַליסטאָקער צענטער, גרינדער פון „גאָרדאָן פאַמיליע סוירקעל".

**Jack Gordon**

Owner of printing firm and realtor; honorary president of the Brooklyn Infants' Home and contributor to Bialystoker Center. Founder of the Gordon Family Circle.



### פיליפ טאַלינסקי

בילדינג־טרייד, כלל־טוער, דירעקטאָר פון ביאַליסטאָקער האָום.

**Philip Talinsky**

Building trade, active in civic affairs, director of the Bialystoker Home.



### איסאַק ריבאלאָווסקי

דרוקער־ספעציאַליסט, וואָס האָט פיל געהאָלפען אין דעם טעכנישען צוזאַמענשטעל פון „ביאַליסטאָקער אַלבום". געזעלשאַפטליכער טוער, פרעזידענט פון „קלוב ביאַליסטאָקער פריינד".

**Izaak Rybalowski**

Printing expert who helped greatly in the layout and make-up of the "Bialystoker Album." Communal leader, president of Club Bialystoker Friends.



### סעם מינעס

ביזנעסמאַן, געזעלשאַפטליכער טוער, טרעזשורער פון „קלוב ביאַליסטאָקער פריינד".

**Sam Mines**

Businessman and communal leader; treasurer of Club Bialystoker Friends.

# ביאַליסטאָקער אין דער אינדוסטריע, קאָמערץ און אין דער געזעלשאַפט
# BIALYSTOKER IN INDUSTRY, COMMERCE AND COMMUNAL AFFAIRS



מאַקס גאַרבער

ווייס־פּרעזידענט פון ביאַליסטאָקער צענטער און אָנגעזעענער טוער אין דער פּיינטערס יוניאָן, פיינער ביי־שטייערער צום ביאַליסטאָקער מושב זקנים.

MAX GARBER

Vice-president of the Bialystoker Center and prominent leader of the Painters' Union. Generous contributor to the Bialystoker Center.



סאָל ווינער

בוי־אונטערנעמער, וויכטיגער געזעל־שאַפטליכער טוער, ווייס־פּרעזידענט פון ביאַליסטאָקער האָום.

SOL WIENER

Excavating and wrecking business, communal leader, vice-president of the Bialystoker Home.



דזשייקאָב פּאָזנער

צוריקגעצויגענער געשעפטסמאַן און ווייס־פּרעזידענט פון ביאַליסטאָקער צענטער.

JACOB POSNER

Retired businessman, vice-president of the Bialystoker Center.



דזשייקאָב אייזיקס

פּלאָמבינג קאָנטראַקטאָר, וויכטיגער טוער אין סומך נופלים און טראַסטי פון ביאַליסטאָקער האָום.

JACOB ISSEKS

Plumbing contractor, important leader of the Somech Noflim Society and trustee of the Bialystoker Center.



לואיס קאָסאָווסקי

ספּעציאַליסט מעטאַל־מעכאַניק, איז באַוואוסט אַלס דער „ביאַליסטאָקער בצלאל" פאַר זיינע וואונדערליכע קונסט־אַרבעטען. טעטיג אין ביאַליס־טאָקער האָום, עקס־פּרעזידענט פון בריינסקער יאַנג מענס.

LOUIS KOSOWSKI

Specialist metal-mechanic, known as the "Bialystoker Bezalel" for his outstanding art works. Active in the Bialystoker Home and ex-president of the Brainsker Young Men's Society.



היימאַן מען

געזעלשאַפטליכער טוער, עקס־סעקרע־טאַר פון דער אַדמיניסטראַציע קאָמי־טע פון ביאַליסטאָקער צענטער און עקס־פּרעזידענט פון די ביאַליסטאָקער בריקלייערס.

HYMAN MANN

Communal leader, former secretary of the Administration Committee of the Bialystoker Center and ex-president of the Bialystoker Bricklayers' Assn.

## ביאַליסטאָקער אין דער אינדוסטריע, קאָמערץ און אין דער געזעלשאַפט
## BIALYSTOKER IN INDUSTRY, COMMERCE AND COMMUNAL AFFAIRS



**דניאל (זיידעל) גאָלדבערג**
כלל טוער און געשעפטסמאַן אין קאָל־טשעסטער, קאָנ., וואו ער איז 3 מאָל דערוויילט געוואָרען מעיאָר פון דער שטאָט.

DANIEL GOLDBERG
Communal leader and businessman of Colchester, Conn., who was thrice elected mayor of the town.



**לייבע'ל סוראַזקי**
אינגערער ברודער פון אַמאָליגען טוך־פאַבריקאַנט אהרן סוראַזקי. וועטעראַן פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג און פיינער געזעלשאַפטליכער עסקן.

LOUIS SURASKY
Younger brother of the textile manufacturer Aaron Surasky. A veteran of the Jewish labor movement and active communal leader.



**איזידאָר לעף**
אַרבעטער־טוער, מיטגרינדער און ביז־נעס אַגענט פון דער אידישער בוטשער אַרבעטער יוניאָן, דירעקטאָר פון דער ביאַליסטאָקער האָום.

ISADOR LEFF
Labor leader, co-founder and business agent of the Jewish Butchers' Workers' Union; director of the Bialystoker Center.



**איזידאָר פיינגאָלד**
משכיל; פון די עלטסטע שריפטזעצער אין דער אידישער פרעסע. זון פונ'ם באַוואוסטען ביאַליסטאָקער למדן און מגיד ר' זלמן פאַרבער, שמש פון פור־זשעס בית מדרש.

ISIDOR FEINGOLD
Scholar, one of the oldest Jewish typesetters; son of the famous Bialystoker scholar, Reb Zalman Farber, Shames of Pushes Beth Medrash.



**מאָרים קראַפטשיק**
אַרבעטער טוער, באַאמטער אין דער דרעסמאַכער יוניאָן לאָק. 22 א.ל.ג.וו.י.

MORRIS KROFTCHIK
Labor leader, officer of the Dressmakers Union, Local 22, ILGWU.



**מייער לעווין**
כלל־טוער, פאַרוואַלטער פון דער בקור חולים קאָנוועלעסענט האָום פון מאונט ווערנאָן, ניו יאָרק.

MEYER LEVINE
Communal leader, executive director of the Bikur Cholim Convalescent Home at Mt. Vernon, N. Y.

# ביאַליסטאָקער אין דער וועלט פון גייסט און וויסענשאַפט
# BIALYSTOKER IN THE WORLD OF SCHOLARSHIP AND SCIENCE



דר. אַלבערט סייבין
באַקטעריאָלאָג און דערפינדער פון א סערום קעגן פיבער־קראַנקהייטען און מאַלאַריע, פּראָפעסאָר אין סינסינעטער אוניווערזיטעט, דער זון פון דער חשוב'ער טוערין טייבעל סאַפּירשטיין פון פּעטערסאָן.

Dr. Albert Sabin
Bacteriologist and discoverer of a serum against fever sickness and malaria; professor at the Cincinnati University; son of the civic leader Mrs. Tillie Sabin of Paterson, N. J.



דר. אַרנאָלד סאָרסבי (סוראַסקי)
(לאָנדאָן)
אויגען־ספּעציאַליסט, פּראָפעסאָר פון „ראָיאַל קאַלעדזש אָוו סוירדזשען אָוו ענגלאַנד", ברודער פון לעאָן סוראַסקי אין מעקסיקע.

Dr. Arnold Sorsbi (Suraski)
(London)
Eye specialist, professor at the "Royal College of Surgeons" in London, brother of Leon Suraski in Mexico.



זעליג פּערלמאַן
(מאַדיסאָן)
פּראָפעסאָר פון עקאָנאָמיק אין וויסקאָנסין אוניווערזיטעט, מחבר פון „די טעאָריע פון דער אַרבעטער באַוועגונג" און אַנדערע ווערק.

Zelig Perlman
(Madison)
Professor of economics at Wisconsin University, author of "The Theory of the Labor Movement' and other works.



דר. מאָזעס איינהאָרן
מאָגען־ספּעציאַליסט, רעדאַקטאָר פון העברעאישען מעדיצינישען זשורנאַל „הרופא העברי", רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון „וואָלקאָוויסקער יזכור־בוך" אין 2 בענדער.

Dr. Moses Einhorn
Stomach specialist, editor of the Hebrew Medical Journal "Harofe Haivri"; editor and publisher of the two volume "Wolkovisker Yiskor Book."



אַרטור אייזענשטאַט
פּראָפעסאָר אין ראַטגערס אוניווערזיטעט, אויף דעם געביט פון שפּראַך אויסבעסערונג.

Arthur Eisenstat
Assistant professor of speech-reconstruction at Rutgers University, New Brunswick, N. J.

# ביאַליסטאָקער אין דער וועלט פון גייסט און וויסענשאַפט
# BIALYSTOKER IN THE WORLD OF SCHOLARSHIP AND SCIENCE



ד״ר. דוד פאַרבער
כירורג, ספּעציאַליסט פון אינערליכע קראַנקהייטען. פאַרבונדען מיט דעם אידישען שפּיטאָל אין ברוקלין.

DR. DAVID FARBER
Surgeon, specialist on internal diseases. Associated with the Jewish Hospital in Brooklyn, N. Y.



ד״ר. סאַמפּסאָן דזשיימס ווילסאָן
באַרימטער ספּעציאַליסט איבער קינדער קראַנקהייטען, הויפּט פון פּעדיאַדרי־שער אָפּטיילונג אין אידישען שפּיטאָל אין ברוקלין.

DR. SAMPSON JAMES WILSON
Pediatrician, head of department at the Brooklyn Jewish Hospital.



ד״ר. בנימין דובאָווסקי
ספּעציאַליסט איבער צוקער־קראַנקהייטען, לעקטאָר און מעדיצינישער רע־דאַקטאָר פון דעם „מאָרגען זשורנאַל״, מחבר פון מעדיצינישע ווערק.

DR. BENJAMIN DUBOVSKY
Specialist on diabetes, lecturer and medical editor of the "Jewish Morning Journal," author on various medical subjects.



ד״ר. סימאָן באַרענבוים
זון פון דעם קינסטלער־פּאָרעל בירנבוים און זעווקינא, פּראָפעסאָר פון פראַנצויזיש אין בראַון אוניווערזיטעט אין פּראָווידענס, ראָוד איילאַנד.

DR. SIMON BARENBAUM
Son of the artists Birnbaum and Zevkina,' Professor of French at Brown University, Providence, R. I.



ד״ר. גדליהו רובין
(ברוקלין)
ספּעציאַליסט אין בלוט און הויט־קראַנקהייטען.

DR. G. RUBIN
(Brooklyn)
Specialist in blood and skin diseases.

# ביאַליסטאָקער אין דער וועלט פון גייסט און וויסענשאַפט
# BIALYSTOKER IN THE WORLD OF SCHOLARSHIP AND SCIENCE

ביידע זיינען די זין פון די לאַנדסלייט מר. און מרס. דזשייקאָב ראָזען פון לאָק שעלדרעיק, נ. י.

Both are the sons of our landsleit, Mr. and Mrs. Jacob Rosen of Loch Sheldrake, N. Y.



דר. בוירני ראָזען
אויטאָריטעט פון פּאָבליק אַדמיניס־טראַציע פון „יו־עס סיוויל סורוויעס קאָמישאָן".

Dr. Bernie Rosen
Authority on public administration in the U. S. Civil Service Commission.



דר. לייבל ראָזען
פיזיקער, פירט אָן מיט עקספּערימענ־טאַלער אָפּטיילונג אין לאָס אַלאַמאָס, ניו מעקסיקע.

Dr. Leibl Rosen
Physicist, chief of the Experimental Division at Los Alamos, New Mexico.



דייוויד ל. קאָל
(פּעטערסאָן, נ. דזש.)
קאָנסולאַר, לעקטאָר, אָפיציעלער רע־גירונג־פאַרמיטלער צווישען קאַפּיטאַל און אַרבעט. מערערע מאָל באַשטימט געוואָרען פון פּרעזידענט טרומאַן אַלס פאַרזיצער פון ספּעציעלע באָארדס צו שליכטען אַזעלכע סכסוכים. ער איז דער זון פון דער באַוואוסטער טוערין עטעל קאָהן פון פּעטערסאָן.

David L. Cole
(Paterson, N. J.)
Counsellor, lecturer and official government mediator in management-labor disputes. On numerous occasions was appointed by President Truman to head special mediation boards to settle such disputes. He is the son of our well-known member, Ethel Cohn, of Paterson, N. J.



דר. סימאָן סיגעל
ברודער פון פּאָול נ. סיגעל, באַוואוס־טער מעדיצינער אין דיומאָנט, ניו־דזשוירזי.

Dr. Simon Siegel
Brother of Paul, renowned physician, of Dumont, N. J.

ביידע ברידער זיינען די זין פון ביאַליסטאָקער טוער מר. נייטען סיגעל פון פּעטערסאָן.

Both are the sons of Mr. Nathan Siegel, of Paterson, N. J.



דר. פּאָול נאָא סיגעל
אַסאָשיאייט פּראָפעסאָר פון ענגלישער ליטעראַטור אין דעם דאופין קאָלעדזש פון וויסקאָנסין.

Dr. Paul Noa Siegel
Associate Professor of English Literature at Dauphin College, Wisc.

# ביאַליסטאָקער אין דער וועלט פון גייסט
# BIALYSTOKER SPIRITUAL LEADERS



רבי אשר קירשבליום
(אינגערער ברודער פון רבי מ. ק.)
גייסטיגער פירער פון אידישען צענטער
פון קיו גארדענס, פּרעזידענט פון דער
ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון לאָנג
איילאַנד.

RABBI USHER I. KIRSHBLUM
(Younger brother of Rabbi M. K.) Spiritual leader of the Kew Gardens Jewish Center, president of the Long Island Zionist Organization.



רבי מרדכי קירשבליום
עקזעקוטיוו וויים-פּרעזידענט פון דער
„מזרחי"-אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע,
באַוואוסטער אָראַטאָר און פּראָמינענ-
טער פירער פון רעליגיעזען אידענטום.

RABBI MORDECHAI KIRSHBLUM
Executive Vice-President of the Mizrachi Organization of America, brilliant orator and prominent leader of Orthodox Jewry.



רבי אליהו א. ריבאק
(שיקאַגאָ)
געלערענטער, אידיש-העברעאישער
שריפטשטעלער, מחבר פון וויכטי-
גע ספרים.

RABBI ELIYAHU A. RIBAK
(Chicago)
Scholar, Yiddish and Hebrew writer, author of scholarly works.



חזן ירמיהו מאַזור
באַוואוסטער עמוד-קינסטלער, דער
איינציגער לעבנגעבליבענער חזן פון
דער ביאַליסטאָקער געטאָ. געפינט
זיך איצט אין אַמעריקע.

CANTOR JEREMIAH MAZUR
Well-known vocalist, the only surviving cantor of the Bialystoker Ghetto. Now resides in the United States.



הרב רמ"ה ראַפּאָפּאָרט
באַרימטער ביאַליסטאָקער שטאָט-
מגיד, וועלכער האָט דעם יאָר
געפייערט זיין 20-יאָריגען יובי-
ליי צו זיין אָנקום אין אַמעריקע.

RABBI RAPPAPORT
Renowned Bialystoker Magid, who recently celebrated the 20th anniversary of his arrival in the United States.



חזן הערי פיינבערג
טאַלאַנטפולער חזן און הארציגער
פאָלקזינגער.

CANTOR HARRY FEINBERG
Talented cantor and folk-singer.

## ביאַליסטאָקער שרייבער
## און קולטור טוער
## BIALYSTOKER WRITERS
## AND CULTURAL LEADERS



דר. שמעון ראַווידאָוויטש

פּראָפעסאָר פון אידישער פילאָזאָפיע און העברעאישער ליטעראַטור אין ליי־דזער אוניווערזיטעט, רעדאַקטאָר פון העברעאישען זשורנאַל „מצודה" און איצט פּראָפעסאָר אין אידישען קאַ־לעדזש, שיקאַגאָ.

DR. SHIMEON RAVIDOWITZ

Professor of Jewish philosophy and Hebrew literature at University of Leeds; editor of the Hebrew magazine "Metzudah," and now Professor at the Jewish College, Chicago.



דר. א. א. ראָבאַק

פּראָפּ. פון סינסינעטי אוניווערזיטעט. שריפטשטעלער, עסייאיסט און קריטי־קער. געבאָרען אין גאָניאָנדז לעבען ביאַליסטאָק. געקומען אין אַמעריקע אַלס קינד.

DR. A. A. ROBAK

Professor at the University of Cincinnati. Writer, essayist and critic. Born in Goniondz, near Bialystok, and came to the United States in his early childhood.



אָסיפּ דימאָוו (יוסף פּערלמאַן)

שריפטשטעלער און דראַמאַטורג. זיי־נע דראַמאַטישע ווערק זיינען אויפגע־פירט געוואָרען אויף אַלע אייראָפּע־אישע בינעס מיט דערפאָלג, מחבר פון ראַדיאָ און פילם־סצענאַריעס, איצט אין ניו יאָרק.

OSSIP DIMOV
(JOSEPH PEARLMAN)

Writer and playwright, whose plays were successfully presented at all European theatres; author of radio and film scenarios. Now resides in New York.



נייטען זאַלאָוויץ

פיל געלייענטער שרייבער, וויכטיגער מיטאַרבעטער פון ניו יאָרקער „פאָר־ווערטס". זיינע אַרטיקלען איבער אַמע־ריקאַניזם זיינען זייער פּאָפּולער ביי טויזענטער אידישע לעזער.

NATHAN ZALOWITZ

Well-known journalist, important staff member of the "Jewish Daily Forward." His articles on Americanism are read by thousands of readers.



שמואל לייב ראַבינאָוויטש
(לאָנדאָן)
(דער „ביאַליסטאָקער שלום־עליכם")

סוחר און משכיל, באַקאַנט געוואָרען אין דער שרייבער־וועלט און צווישען טויזענטער אידישע לייענער דורך זיינע אינטערעסאַנטע מעמואַרען און שיל־דערונגען פון ביאַליסטאָקער טיפּען, וואָס ער האָט פאַרעפנטליכט אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע".

SAMUEL LEIB RABINOWITCZ
(London)
*"Bialystoker Sholom Aleichem"*

Merchant and scholar, famous for his interesting memoirs and short stories about Bialystok characters which were published in the "Bialystoker Stimme."

# ביאליסטאָקער שרייבער און קולטור טוער

# BIALYSTOKER WRITERS AND CULTURAL LEADERS



דר. חיים שאָשקעס
שריפטשטעלער און געזעלשאפטליכער טוער, „פליענדער אמבאסאדאָר” פון האַיאַס, מחבר פון אַ סעריע אינטערע־סאַנטע רייזע־באַשרייבונגען.

DR. HENRY SHOSHKES
Writer and public affairs leader, "Flying Ambassador" for Hias (Hebrew Immigrant Aid Society), author of a very interesting series of travel experiences.



אינזש. דוד קלעמענטינאָווסקי
שרייבער און קולטור־טוער, דירעקטאָר פון „אָרט” אין דייטשלאַנד און פראַנק־רייך. זייט 1946 אין ניו־יאָרק. עק־זעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער „געזעל־שאַפט פאַר געשיכטע פון ביאַליסטאָק” און מחבר פון „לעבען און אומקום אין ביאַליסטאָקער געטאָ”.

ENG. DAVID KLEMENTINOWSKY
Writer and educator, Director of "Ort" in Germany and France; in New York since 1946; Executive Director of the "Bialystok Historical Society" and author of "Life and Destruction in the Bialystoker Ghetto."



יעקב פאַט
שריפטשטעלער און אַרבעטער־פירער, גענעראַל סעקרעטאַר פונם „אידישען אַרבעטער קאָמיטעט” אין ניו יאָרק, מחבר פון אַ צאָל פיעסעם און אַנדערע ווערק.

JACOB PAT
Writer and labor leader; general secretary of the "Jewish Labor Committee" in New York; author of a number of plays and other works.



מאַרטין א. בורסטען
זשורנאַליסט, לעקטאָר און געוועזענער מלחמה־קאָרעספאָנדענט. הויפט פרע־סע פאָרשטייער ביים „האַיאַס” אין ניו יאָרק.

MARTIN A. BURSTEN
Journalist, lecturer and former war correspondent. Chief press representative for the Hias in New York.



דר. הערמאַן פראַנק
שריפטשטעלער און עקאָנאָמיסט, רע־דאַקטאָר פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע”, וויצע־פאָרז. פון דער „געזעל־שאַפט פאַר געשיכטע פון ביאַליסטאָק”, מחבר פון פאָפולער וויסענשאַפטליכע אַרבעטען.

DR. HERMAN FRANK
Writer and economist, editor of the "Freie Arbeiter Stimme," vice-chairman of the "Bialystok Historical Society," author of popular scientific editions.



דוד סאָהן
שרייבער און כלל־טוער, גרינדער און רעדאַקטאָר פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע”, מיטגרינדער און פאַרוואַלטער פון ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים, ניו יאָרק.

DAVID SOHN
Writer and leader in public affairs, founder and editor of the "Bialystoker Stimme," co-founder and Executive Director of the Bialystoker Center and Home for the Aged in New York.

# ביאַליסטאָקער שרייבער און קולטור טוער
# BIALYSTOKER WRITERS AND CULTURAL LEADERS



דניאל טשאַרני

באוואוסטער שרייבער און דיכטער, מיטאַרבעטער פון „טאָג" און פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע" אין ניו יאָרק.

Daniel Charny

Well-known writer and poet, regular contributor to the "Day" and "Bialystoker Stimme."



יצחק ריווקינד, יעקב קרעפּליאַק ש. גינזבורג

(שריפטשטעלער און היסטאָריקער, געוועזענער רעדאַקטאָר פון פּעטערבורגער „פריינד"), און דר. הערמאַן פראַנק, אין ניו־יאָרק, אין יוני, 1937.

Isaac Rivkind, Jacob Krepliak Sh. Ginsburg

Writers and historian, former editor of the "Freind" of Petersburg, Russia, and Dr. Herman Frank, as they appeared in June, 1937 in New York.



יצחק ריווקינד

העברעאיש־אידישער שרייבער און ביבליאָגראַף, ביבליאָטעקאַר ביים אידישען טעאָלאָגישען סעמינאַר אין ניו יאָרק.

Isaac Rivkind

Hebrew-Yiddish author and bibliographer, Head Librarian of the Jewish Theological Seminary in New York.



יאָסל קאָהן

דיכטער און שרייבער, לייבאָר עדיטאָר פון „מאָרגען זשורנאַל", ניו יאָרק, און מחבר פון עטליכע בענדער פּאָעזיע.

Yosl Cohn

Poet and author. Labor Editor of the "Jewish Morning Journal."



אלכסנדר מאַץ

דיכטער, מיטאַרבעטער פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע".

Alexander Matz

Poet, contributor to the "Bialystoker Stimme."



ז. שער

בעלעטריסט און לייבאָר עדיטאָר פון „פאָרווערטס". יוגנטרהייט געאַרבעט אין ביאַליסטאָק אַלס וועבער. מחבר פון בוך דערציילונגען „אויף אַלטער און נייער ערד".

Z. Sher

Fiction writer and Labor Editor of the "Jewish Daily Forward," author of a book of short stories, "On the Old and New Land"; in his youth in Bialystok a textile worker.

# ביאַליסטאָקער שרייבער און קולטור-טוער
# BIALYSTOKER WRITERS AND CULTURAL LEADERS



דר. עמנואל פּאַט
מעדיצינער, שריפטשטעלער און קול-
טור-טוער, זון פון יעקב פּאַט.

DR. EMANUEL PAT
Physician, writer and cultural leader; son of Jacob Pat.



יעקב יערוזאַלימסקי
בעלעטריסט און קולטור-טוער, מיט-
אַרבעטער אין דער פּעריאָדישער אי-
דישער פּרעסע אין אַמעריקע. רעדאַק-
טירט צייטשריפטען אין בעלגיע, און
א שטענדיגער מיטאַרבעטער פון דער
„ביאַליסטאָקער שטימע".

JACOB JERUSALIMSKY
Short story writer and cultural leader. Contributor to many Jewish periodicals. Edited journals in Belgium.



אהרן חייט
שרייבער און דיכטער, מיטאַרבעטער
פון „ביאַליסטאָקער שטימע" און אין
אַנדערע זשורנאַלען און צייטונגען.

AARON CHAIT
Writer and poet, contributor "Bialystoker Stimme" and other magazines and newspapers.



בן ציון שאָר
(שיקאַגאָ)
פּאָלקס-דיכטער, מחבר פון א בוך
לידער.

BEN ZION SHOR
(Chicago)
Poet, author of a book of poems.




זלמן העלער
העברעאיש - אידישער שריפטשטעלער
און פּעדאַגאָג. פון די ערשטע „חובבי
שפת עבר" אין ביאַליסטאָק. איצט א
פּרינציפּאַל אין א ישיבה אין ברוקלין.

ZALMAN HELLER
Hebrew-Yiddish writer and educator. Of the first members of the Hebrew-Language Society in Bialystok. He is now Principal in a Brooklyn, N. Y., Yeshivah.



לואיס גרינהויז
פּעדאַגאָג, שרייבער און קולטור-
טוער. מחבר פון בוך „שלאָגט
ניט קיין קינדער".

LOUIS GREENHOUSE
Educator, writer and cultural leader.

# ביאַליסטאָקער שרייבער און קולטור טוער

# BIALYSTOKER WRITERS AND CULTURAL LEADERS



**וואָלף יונין**
דיכטער און שרייבער, מיטאַרבעטער
פון ניו יאָרקער „טאָג".

WOLF YOUNIN
Poet and writer; member of the staff of the "Jewish Day."



**אַלטער עפּשטיין**
בעלעטריסט און זשורנאַליסט. מיט־
אַרבעטער פון ניו יאָרקער „טאָג".
פירער פון „בונד" אין ביאַליסטאָק
אין 1901-4, און מיטאַרבעטער פון
„ביאַליסטאָקער שטימע".

ALTER EPSTEIN
Short story writer and journalist; member of the staff of the "New York Day"; leader of Bialystoker Bund" in 1901-1904; contributor to the "Bialystoker Stimme."



**בנימין טאַבאַטשינסקי**
אַרבעטער טוער, רעדנער און שרייבער.
דירעקטאָר פון אידישען אַרבעטער
קאָמיטעט אין ניו יאָרק.

BENJAMIN TABACHINSKY
Labor leader, orator and writer; director of the Jewish Labor Committee in New York.



**ראָזע נעוואַדאָווסקא**
דיכטערין און שריפטשטעלערין, פאַר־
פאַסערין פון עטלעכע בענדער לידער,
פּאָעמען און עסייען, מיטאַרבעטערין
פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע".

ROSE NEVADOWSKA
Poet and writer, author of several books on poetry and essays; contributor to "Bialystoker Stimme."



**טייבעל בערמאַן**
(שיקאַגאָ)
פיינע דערציילערין, מיטאַרבעטער פון
„ביאַליסטאָקער שטימע".

TEIBEL BERMAN
(Chicago)
Popular short story writer, contributor to "Bialystoker Stimme."



**אסתר אַש**
באַגאַבטע זשורנאַליסטין, פירט אָן מיט
דעם פרויען קאָלום אין ניו יאָרקער
„טאָג". טאָכטער פון אונזער חשובן
לאַנדסמאַן און משכיל נפתלי וויגאָדס־
קי, פון די בראָנקס.

ESTHER ASCH
Talented journalist, conducts a daily Ladies' Column in the "New York Day"; daughter of our prominent landsman and intellectual, Naftali Wigodsky, Bronx, N. Y.

## ביאַליסטאָקער קינסטלער
## BIALYSTOKER ARTISTS



**ישראל בירנבוים**

שוישפילער און זינגער, מיט גרויסע פאַרדינסטען ביים אידישען טעאַטער אין לאָנדאָן און פאַריז, פונוואַנען ער איז אין 1950 געקומען אין אַמעריקע צוזאַמען מיט זיין פרוי, די קינסטלע־רין אסתר זעווקינא.

ISRAEL BIRNBAUM

Actor and singer, for many years with the Jewish theatres in Paris and London; came to the U.S. in 1950 accompanied by his wife, the artist Escher Zevkina.



**יוליוס אַדלער**

באַרימטער קינסטלער, וועטעראַן פון בעסערען אידישען טעאַטער. געשפּילט אויך אויף דער העברעאישער, רוסי־שער און דייטשער בינע. פילפאַכיגער טאַלאַנט: מוזיקער, שרייבער און קאָמ־פּאָזיטאָר. אָנגעשריבען עטלעכע און צוואַנציג דראַמעס, קאָמעדיעס און אָפּערעטעס מיט אייגענע מוזיק.

JULIUS ADLER

Famous actor, veteran of the Jewish stage; also appeared in the Hebrew, Russian and German theatres; possessed many varied talents; a musician, writer and composer; wrote more than 20 dramas, comedies and operettas and composed his own music for them.

**וויקטאָר פּעקער**

בינע און ראַדיאָ אַרטיסט. פון די ער־שטע מיטגלידער אין דער „ווילנער טרופּע” און שפּעטער אין שוואַרץ'ס קונסט־טעאַטער. פּירט איצט אָן מיט אַן אינטערעסאַנטען ראַדיאָ פּראָגראַם אין ניו יאָרק.

VICTOR PACKER

Stage and radio artist; among the first members of the "Wilner Troupe" and later with Maurice Schwartz's Art Theatre. Conducts at present a very interesting radio program in New York.



**שמעון אָסאָוויצקי**

זינגער און שוישפּילער. געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג אין פּוילען. איצט אין ישראל.

SHIMEON OSOWITZKY

Singer and actor, appeared successfully in Poland and is now in Israel.



**יעקב סוזאַנאָוו**

זינגער און שוישפּילער, שפּילט מיט דערפאָלג אויף דער ניו יאָרקער אי־דישער בינע.

JACOB SUZANOFF

Singer and actor, successful on the Jewish stage in New York.



מרים קרעסין

שוישפּילערין און זינגערין, סטאַר פון אידישען טעאַטער אין ניו־יאָרק.

MIRIAM KRESSIN

Actress and singer, star of Jewish theatre and radio in New York.



היה׳לע גראָבער

שוישפּילערין און וואָרט־קינסטלערין, פון די ערשטע מיטגלידער פון דער „הבימה". גאַסטראָלירט אין אַלע לענדער מיט איר רייכען סאָלאָ־רעפּערטואַר, איצט אין אַמעריקע

CHAYELE GROBER

Actress and punster; one of the first members of "Habimah." Appeared throughout the world in her famed repertoire; now in the U. S.



פאַניא רובינאַ

שוישפּילערין און זינגערין, סטאַר פון אידישען טעאַטער אין ניו יאָרק.

FANNIA RUBINA

Actress and singer, star of the Jewish stage in New York.



פרל. אַדאַ בערנאַרדי

קאָנצערט פּיאַניסטין, אויפגעטראָטען מיט גרויס דערפאָלג אין פאַרשיידענע לענדער. זי איז די פּלימעניצע פון הרב ר׳ שמואל מאָהילעווער זצ"ל.

ADA BERNARDI

Concert pianist, appeared successfully in many countries. Related to the famous rabbi, Reb. Shmuel Mohilever.



נאָראַ נעי (ניימאַן)

בארימטע פילם־אַקטריסע אין פּוילען בעפאָר דער מלחמה, איצט אין ניו יאָרק.

NORA NEY (NEIMAN)

Famous film actress in Poland before the war is now in New York.



אסתר ראָזאָוו

אָפּעראַ און קאָנצערט־זינגערין, געשפּילט אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא קאָ., ניו יאָרק.

ESTHER ROSOFF

Opera star and concert singer, appeared with the Metropolitan Opera Company in New York.

## ביאַליסטאָקער קינסטלער און קולטור טוער
## BIALYSTOKER ARTISTS AND CULTURAL LEADERS



נינאַ סיבירצעוואַ
זינגערין און שוישפילערין, אויסגעצייכנטע אויסטייטשערין פון פאָלקס־לידער.

NINA SIBIRTZEVA
Singer and actress, wonderful interpreter of folk-songs.



אסתר זעווקינאַ
באַוואוסטע בינע־קינסטלערין, פרוי פון שוישפילער ישראל בירנבוים.

ESTHER ZEVKINA
Well-known stage artist, wife of actor Israel Birnbaum.



מאיר בראון
פועלי־ציון פירער, קולטור טוער און פרעזידענט פון אידישען נאַציאָנאַלען ארבייטער פאַרבאַנד.

MYER BROWN
Poale-Zion and cultural leader and president of the Jewish National Workers' Alliance.

## צוויי באַרימטע מלחמה העלדען
## TWO FAMOUS WAR HEROES



היים זכריה וויינשטיין
געהילפס־קאַפּיטאַן פון דער היסטאָרישער שיף „עקזאָדוס", וועלכע האָט אַריבערגעפירט פליטים קיין ישראל. געקעמפט מיט די ענגלענדער. אין דער לעצטער מלחמה געדינט אין דער יו־עס נייווי.

HYMAN ZACHARY WEINSTEIN
Assistant Captain of the historic ship "Exodus," which transported refugees to Israel. Fought against the British. Served in the U. S. Navy in World War II.




לוט. קוירנעל בענדזשאַמין וויסבערג
דער צווייטער פּאַראַטרופּער וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אין דער אינוואַזיע אויף נאָרמאַנדי. שפּעטער קאָמאַנדיר פון אַמעריקאַנער מיליטער אין דאַכאַו, דייטשלאַנד, איצט מיט דעם גענעראַל סטעף אין אַמעריקע. זון פון לואיס און קיילע וויסבערג, בראָנקס.

LT. COL. BENJAMIN WEISBERG
Second paratroper to land in the invasion of Normandy.



מאיר וויינטרויב
אַרבעטער פירער און קולטור־טוער. פאַרטרעטער פון ניו יאָרקער „פאָרווערטס" אין לאָס אַנדזשעלעס.

MEYER WEINTRAUB
Labor leader and cultural worker. Representative of the Jewish "Forward" in Los Angeles.

# באַרימטע ביאַליסטאָקער מאָלער-קינסטלער
## RENOWNED BIALYSTOKER ARTISTS



מאַקס וועבער
(ניו יאָרק)
געבוירען אויף כאַנאַיקעס אין 1881,
ציילט זיך צווישען די פּראָמינענטסטע
קונסט-מאָלער אין אמעריקע.

MAX WEBER
(New York)
Born at the Chanajkes in 1881; regarded among the most renowned artists in America.



אַנאַ גרינשטיין
א ביאַליסטאָקער מאָלערין אין
מאָנטרעאָל, קאַנאַדע

ANNA GREENSTEIN
A Bialystok artist in Montreal, Canada.



בען (בן ציון ראַבינאָוויטש)
(פּאַריז)
געבוירען אין ביאַליסטאָק אין 1905,
איז פאררעכענט פון די באַריהמטסטע
מאָלער פון אונזער צייט.

BEN (BEN ZION RABINOWITZ)
(Paris)
Born in Bialystok in 1905; has achieved fame as one of the most prominent artists of our time.



The Town Clock painted by BEN, acquired by our landsman, Israel Kagan, New York.

דער
שטאָט-זייגער
געמאָלען
פון
בען
געפינט זיך אין
ניו יאָרק
ביי
אונזער
לאַנדסמאַן
איזראעל קאגאן

# ביאַליסטאָקער פּאָר פאָלקען וואָס זיינען אַקטיוו אין ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים
# BIALYSTOKER COUPLES ACTIVE IN THE BIALYSTOKER CENTER AND HOME FOR THE AGED



מר. און מרס. סעמועל קאָהען, ברוקלין, וועלכע פייערען דעם יאָר זייער 35־יאָריגען חתונה־יובילעאום.ביידע זיינען הארציגע דאָנאָרס פון דער האָום, וואו מר. קאָהען איז אַן עהרן וויים־פּרעזידענט. מר. קאָהען, אַ באַוואוסטער פלאָמבינג־קאָנטראַקטאָר און בילדער, איז דער טשערמאַן פון דער בילדינג־קאָמיטע פון פלעטבוש דזשואיש סענטער.

MR. AND MRS. SAMUEL COHEN of Brooklyn are celebrating their 35th Wedding Anniversary this year. Both are generous contributors to the Home, of which Mr. Cohen is honorary vice-president. Mr. Cohen is in the plumbing business and a builder. He is chairman of the Flatbush Jewish Center Building Committee.



מר. און מרס. סאל בינדלער, בראָנקס. אַ געטרייע פּאָר פאָלק וואָס טוט אַ סך גוטס דעם ביאַליסטאָקער מושב זקנים.

MR. AND MRS. SOL BINDLER of the Bronx, a devoted couple who do a lot of good work for the Bialystoker Home.



מר. און מרס. סעם פאַרבער, ניו יאָרק. ביידע אַקטיווע מיטגלידער. מרס. דזשוליא פאַרבער איז פון די מיט־גרינדער פון דער ביאַליסטאָקער לײדיס אָוקזילערי.

MR. AND MRS. SAM FARBER of New York are both active members of the Center. Mrs. Julia Farber is one of the co-founders of the Bialystoker Ladies Auxiliary.



מר. און מרס. הערבערט סמיטה, בראָנקס, וועלכע זיינען ווארימע פריינד פון דער האָום און באַדייטענדע אונטערשטיצער.

MR. AND MRS. HERBERT SMITH of the Bronx, warm friends and generous donors of the Home.

# ביאַליסטאָקער פּאָר פּאָלקען וואָס זיינען אַקטיוו אין ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים
# BIALYSTOKER COUPLES ACTIVE IN THE BIALYSTOKER CENTER AND HOME FOR THE AGED



מאָריס און רייטשעל שאַפּיראָ
אַקטיווע טוער אין ביאַליסטאָקער צענטער, וועלכע האָבען אין 1950 געפייערט זייער גאָלדענע חתונה.

Morris and Rachel Shapiro
Active members in Bialystoker Center, who celebrated their Golden Wedding Anniversary in 1950.



סעם און נעטי קויפמאַן
א ליבע פּאָר פּאָלק, געטרייע טוער פון ביאַליסטאָקער האָום.

Samuel and Nettie Kaufman
Beloved couple, loyal to the cause of the Bialystoker Home.



מר. און מרס. גוסטאַוו סייד
א הארציגע פּאָר פּאָלק און דאָנאָרס פון ביאַליסטאָקער האָום. מרס. סייד איז די פּרעזידענטין פון „גאָניאָנדזער לײדיס אָקזילערי".

Mr. and Mrs. Gustav Seid
Sincere persons and donors to the Bialystoker Home. Mrs. Seid is president of the Goniondzer Ladies' Auxiliary.



דייוויד און רייטשעל קאַטץ
מרס. רייטשעל קאַטץ איז פון די אַקטיווסטע שוועסטער אין דער ביאַליסטאָקער לײדיס אָקזילערי.

David and Rachel Katz
Mrs. Rachel Katz is one of the most active members of the Bialystoker Ladies' Auxiliary.

## ביאַליסטאָקער פּאָר פאָלקען וואָס זיינען אַקטיוו אין ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים
## BIALYSTOKER COUPLES ACTIVE IN THE BIALYSTOKER CENTER AND HOME FOR THE AGED



מר. און מרס. סעם שאפּירא, ברוק־לין, וועלכע שטיצען דעם ביאַליסטאָ־קער מושב זקנים מיט א ברייטער האנט.

Mr. and Mrs. Sam Shapiro of Brooklyn are known for their generosity to the Center.



מר. און מרס. אשר רובינשטיין, ניו יאָרק. מר. רובינשטיין, אַ ריעל עסטייטמאַן און פּיינטינג־קאָנ־טראַקטאָר, איז פון די שעהנסטע דאָנאָרס צום ביאַ־ליסטאָקער מושב זקנים. ער איז דער גרינדער און פּרעזידענט פון דער שוהל אין זיין געגענט.

Mr. and Mrs. Osher Rubinstein, New York. Mr. Rubinstein is in real estate and painting business, and among the most generous contributors to the Center. He is the founder and president of the Synagogue in his community.



אייזיק און יעטע ליוואי
וויכטיגע טוער אין ביאַליסטאָקער צענטער, וועלכע האָבען געפייערט זייער גאָלדענע חתונה אין 1950.

Isaac and Yetta Levy
Important members in Bialystoker Center, who celebrated their Golden Wedding Anniversary in 1950.



מר. און מרס. היימאַן אוגוסט, ברוקלין, צוויי וויכטיגע דאָנאָרס פון דער האָום, וועלכע האָבען לעצטענס געפייערט זייער זילבערנע חתונה.

Mr. and Mrs. Hyman August of Brooklyn, who recently celebrated their Silver Wedding Anniversary, are generous contributors to the Center.



מר. און מרס. מאַקס זאַלאָוויץ, ניו יאָרק, זיינען אָנ־געזעענע טוער פון צענטער און האָום. מר. זאַלאָוויץ איז דער פאַרוואַלטער פון דאַון טאַון אָפיס פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

Mr. and Mrs. Max Zalowitz, of New York, are prominent workers in the Center. Mr. Zalowitz is the manager of the downtown office of the Cloakmakers' Union.

# ביאַליסטאָקער פּאָר פּאָלקען וואָס זיינען אַקטיוו אין ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים
# BIALYSTOKER COUPLES ACTIVE IN THE BIALYSTOKER CENTER AND HOME FOR THE AGED



מר. און מרס. דזשוליוס קרעמער פון די בראָנקס,ביידע איבערגעבענע לאַנדסלייט און מנדבים צום מושב זקנים. מרס. קרעמער איז די וויים־פּרעזידענטין פון דער בראָנקס ליג.

Mr. and Mrs. Julius Kramer of the Bronx are both devoted landsleit and generous donors to the Center. Mrs. Kramer is vice-president of the Bronx League.



מר. און מרס. היימאַן טענד, ברוקלין, זיינען פון די חשובסטע טוער אין ביאַליסטאָקער צענטער. זיי האָבען ניט לאַנג צוריק געפּייערט זייער גאָלדענע חתונה.

Mr. and Mrs. Hyman Tand of Brooklyn are among the most active workers in the Center. They recently celebrated their Golden Wedding Anniversary.



מר. און מרס. ברוך קאָרנבלוט פון מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, זיינען אָנגעזעענע טוער אין דער לאַנדסמאַנשאַפט. זיי האָבען אַנומעלט געפּייערט זייער גאָלדענע חתונה.

Mr. and Mrs. Baruch Kornblut of Montreal, Canada, are prominent workers in the landsmanshaft. Recently they celebrated their Golden Wedding Anniversary.



מר. און מרס. דזשייקאָב הענקאָוויטש פון גריניטש, קאָנ., זיינען לאַנג־יאָריגע מיטגלידער פון ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים.

Mr. and Mrs. Jacob Henkowitz of Greenwich, Conn., are life-long members of the Bialystoker Center.



מר. און מרס. לואיס גלאַגאָס (גלאַ־
גאָווסקי), פון אינדיאַנאָפּאָליס, וואָס
האָבען לעצטענס געפייערט זייער גאָל־
דענע חתונה. מר. גלאַגאָס איז אַ איד
אַ תלמיד חכם און אַ צירונג פאַר אונ־
זער לאַנדסמאַנשאַפט.

MR. AND MRS. LOUIS GLAGOS of Indianapolis, recently celebrated their Golden Wedding Anniversary. Mr. Glagos is known as a scholar and is an asset to our Landsmanshaft.



MR. AND MRS. JACOB COOPER of the Bronx, who are both active in the Bialystoker Home.

מר. און מרס. דזשייקאָב קופּער,
פון די בראָנקס, וועלכע טועןביידע
גוטע אַרבעט פאַר דעם ביאַליסטאָקער
מושב זקנים.



MR. AND MRS. SAM ARONOWITZ of the Bronx are devoted members of the Home.

מר. און מרס. סעם אַראָנאָוויץ
פון די בראָנקס. ביידע איבערגע־
בענע טוער פון מושב זקנים.



מר. און מרס. איזידאָר גאָטליב, בראָנקס, געטרייע און
לאַנגיאָריגע מיטגלידער. מר. און מרס. גאָטליב זיינען באַ־
וואוסטע דרעס מאַנופעקטשורערס.

MR. AND MRS. ISIDOR GOTTLIEB of the Bronx are devoted members of the Center. Both are well-known dress manufacturers.



מר. און מרס. מאַקס פרידבערג, ברוקלין,
יאָרענלאַנגע איבערגעבענע מיטגלידער. מאַקס
פרידבערג איז אגב דער פּרעזידענט פון דער
יאַשינאָווקער סאָסייעטי.

MR. AND MRS. MAX FRIEDBERG, Brooklyn, life-long members of the Center. Max Friedberg is president of the Yashinowker Society.

## FAMILY PHOTOS משפחה בילדער



„הערי און רעי האַלפּערן" פאַמיליע סוירקעל, ניו יאָרק. — דאָס בילד איז גענומען געוואָרען אין 1949, ביי דער חתונה פון מר. און מרס. ראובן און סעלמאַ לעווין, טאָכטער און איידעם פון מר. און מרס. לואיס און ראָזע קראַסנאָשטיין פון די בראָנקס.

Harry and Rae Halpern Family Circle, New York.—This photo was taken in 1949 at the wedding of Mr. and Mrs. Reuben Levine, daughter and son-in-law of Mr. and Mrs. Louis and Rose Krasnostein, Bronx, N. Y.




מרדכי און איידאַ גאָרדאָן פאַמיליע סוירקעל, פון ברוקלין. — אַן אַמעריקאַנער ביאַליסטאָקער פאַרצווייגטע משפחה איז מנדב אַן אַמבולאַנס פאַרן „רויטען מגן דוד" אין ישראל, אין 1948.

The Mordecai and Ida Gordon Family Circle of Brooklyn.—A large American-Bialystok Family donated an ambulance to the "Red Mogen Dovid" in Israel in 1948.



בני הענאך וצביה פאמיליע פאראיין, פון ברוקלין, א פארצווייגטע משפחה פון 4 דורות לאנדסלייט. אין צענטער זיצען די עלטסטע מיטגלידער פון פאראיין: דאבע און חינקע פאנדע, מאשע ברומער, מר. און מרס. גאלדמאן (פרעזידענט), מר. און מרס. לואיס ראזענבערג (גרינדער), מר. און מרס. דזשאו ראזענבערג (פעטערסאן, נ. דזש).

THE CHILDREN OF "HENACH AND TZIVYAH FAMILY SOCIETY" of Brooklyn, a family circle of landsleit of four generations. *Seated in the center, right to left, are the oldest members of the Society*: Doba and Chinka Pande, Mashe Brumer, Mr. and Mrs. Goldman (President), Mr. and Mrs. Louis Rosenberg (Founder), Mr. and Mrs. Joe Rosenberg (Paterson, N. J.).

# משפחה בילדער
# FAMILY PHOTOS



סעם און גאָלדע פרידענבערג, ברוקלין, אין 1926, מיט זייערע 4 זין.
פון רעכטס צו לינקס : מילטאָן, בערנארד, הערי און מאָריס.

Sam and Golda Freedenberg, Brooklyn, N. Y., in 1926, with their four sons.
*Right to left*: Milton, Bernard, Harry, Morris.



מענדעל קריסטאל, א באוואוסטער קולטור־טוער, איצט א פארמער אין ניו־דזשוירזי, מיט זיין פרוי און קינדער, 1945.

Mendel Krystol, active in cultural affairs, now a New Jersey farmer, shown with his wife and children in 1945.



אַלעקס און סילוויע ווײַן, ניו יאָרק, מיט זייערע 2 בחורימלאך ליבערט מיטשעל און דזשאָרדזש העראלד, אין 1948.

Alex and Sylvia Wein, New York, with their two sons, Libert Mitchell and George Harold, in 1948.



FAMILY OF MR. AND MRS. LOUIS HERMAN, NEW YORK. —Mr. Herman (died January, 1951) is founder and owner of Movie Star Manufacturing Co. (lingerie), New York. Mr. Herman and his children are outstanding contributors to the Bialystoker Home for the Aged. (Photo taken in 1939.)

די משפחה פון מר. און מרס. לואיס הערמאַן פון ניו יאָרק. מר. הערמאַן (געש. אין יאַנואַר 1951) איז דער גרינדער און איי־גנטימער פון דער „מואווי סטאַר מאַנופ. קאָ.״ (לינ־דזשערי). ער און זיינע קינדער זיינען אָנגעזעענעביישטייערער פון ביאַלים־טאָקער מושב זקנים.



FOUR GENERATIONS LANDSLEIT

The photo shows: The great-grandmother, Mrs. Gelman; the grandfather, Mr. Samuel Stein; Mr. Morris E. Stein, and the great-grandchild, Sharon Ann Stein.

**4 דורות לאַנדסלייט**

אויפ'ן בילד זיינען די עלטער־באָבע מרס. געלמאַן דער זיידע מר. סעמועל סטיין דאָס איניקל מאָרים סטיין און די אור־איניקל שעראָן ען סטיין.

## משפחה בילדער FAMILY PHOTOS



ר׳ וועלוועל און אַלטע גאַרבער מיט זייערע 9 זין אין 1900, ווען זיי האָבען זיך באַזעצט אין בראָנזוויל, נ. י. — עס זיצען פון רעכטס צו לינקס: שמחה (ע״ה), בערל, ר׳ וועלוועל און זיין פרוי אַלטע (ע״ה), און מאָטעל (מאַקס גאַרבער, וויס־פּרעזידענט פון ביאַליסטאָקער האָום). עס שטייען פון רעכטס: ראַבי, איזראַעל, זאַוועל, דזשייק, ראָבערט, אַ קוזין בישקע גאַרבער, און פּסח (ע״ה).

Reb Welwel and Alte Garber and their nine sons in 1900, when they settled in Brownsville, N. Y. *Seated, right to left*: Simchah (deceased), Berl, Reb Welwel and his wife Alte (deceased), Max, vice-president of the Bialystoker Home. *Standing, right to left*: Robbie, Israel, Zavel, Jake, Robert, Bishko Garber (a cousin) and Pesach (deceased).



מר. מאַטעס מינעס, וויצע־פּרעזידענט פון דעם ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד אין בוענאָס איירעס, טרעפט זיך אין ניו יאָרק, אין 1949, מיט זיינע ברידער און איינציגע שוועסטער נאָך 39 יאָר צייט. עס זיצען פון רעכטס: סעם מינעס, מאַטעס מינעס און מרס. פלאָרענס וויינשטיין. עס שטייען: סאָל מינעס, אב. מינעס און פרענק מינעס (שיקאַגאָ).

Mr. Mates Mines, vice-president of the Bialystoker Farband in Buenos Aires, meets his brothers and only sister in New York in 1949, after having been separated for 39 years. *Seated, right to left*: Sam Mines, Mates Mines and Mrs. Florence Weinstein. *Standing*: Sol, Abe and Frank (Chicago).



ראָזע און אַלעקס ליפּמאַן (רעכטס) מיט זייערע קינדער און אייניקלעך. — פון רעכטס: ראָזע ליפּמאַן מיט איר אייניקעל סטעפען, אַלעקס ליפּמאַן, דער איידעם מעטי קאָלטשאַמיראָ, דער אייניקעל ארטור, די טאָכטער אסתר קאָלטשאַמיראָ און די אינגסטע טאָכטער ביטריס ליפּמאַן. דאָס קינד אויפ׳ן שויס איז זייערע אַ פלימעניצע.

Rose and Alex Lipman (right) With their children and grandchildren.

## FAMILY PHOTOS משפחה בילדער



אַ סדר ביי אַן אַמעריקאַנער ביאַליסטאָקער משפחה אין ברוקלין אין 1949. — לייזער און שיינקע ראָזענבערג (שוועסטער און שוואָגער פון דוד סאָהן), מיט זייערע קינדער און קינדס־קינדער ביי זיך אין דער היים.

A SEDER AT THE HOME OF AN AMERICAN BIALYSTOKER FAMILY IN BROOKLYN IN 1949.—Louis and Jennie Rosenberg (sister and brother-in-law of David Sohn) with their children and grandchildren.



דוד און וועראַ סאָהן מיט זייערע קינדער ביי זיך אין דער היים אין די בראָנקס, אין 1950. — פון לינקס צו רעכטס: דוד און וועראַ סאָהן, זייער יונגסטע טאָכטער מילדרעד, די פאַרהייראַטע טאָכטער נחמה קאַווע, דאָס אייניקל רחל'ע און דער איידעם וויליאַם ב. קאַווע.

DAVID AND VERA SOHN with their children at their Bronx home in 1950. *From left to right*: David and Vera Sohn; Mildred, their youngest daughter, Naomi Kavee, their married daughter; Rachel, the grandchild, and the son-in-law, William B. Kavee.



איזראַעל און דיינאַ קאַגאַן (בראָנקס) מיט זייערע 2 זין סטענלי און מארטין (אין 1943).

Israel and Dinah Kagan (Bronx) with their two sons, Stanley and Martin (in 1943).



די באַרימטע זינגערין ראָזאַ ראַאיסאַ, מיט איר פאָטער הערשעל בורשטיין אין ניו יאָרק, 1922.

The Famous Singer Rosa Raisa and her father Hirshl Burstein in New York in 1922.



צוויי יוגענט־חברים און אַלטע פריינט: נייטען לוטענבערג (רעכטס) און דזשאָזעף אַלפּערט שפּאַצירען אויף דעם באָרדוואָק אין אַטלאַנטיק סיטי (אין 1936).

Two boyhood friends: Nathan Lutenberg (right) and Joseph Alpert strolling on the boardwalk in Atlantic City in 1936.

# FAMILY PHOTOS

# משפחה בילדער

## דריי פריינד
## THREE FRIENDS



אַן אינטערעסאַנט בילד פון 1926:
פון רעכטס: אברהם טשאַרנעס, פינאַנס סעקרעטאַר פון ביאַליסטאָקער פאַראיין „סומך נופלים"; דזשוליוס גאָלד, ע"ה, אַ באַוואוסטער טוער פון פאַראיין, און דוד סאָהן, וועלכער איז יענעם יאָר ערווײלט געוואָרען פּרעזידענט פון פאַראיין.

AN INTERESTING PHOTO TAKEN IN 1926:
*right to left*: Abraham Charnes, financial secretary of the Bialystoker Somech Noflim Society; Julius Gold,* (deceased), an active landsman, and David Sohn, who became president of the Society in 1926.

---



די דריי ברידער אייבראַמסאָן מיט יאָרען צוריק.
פון רעכטס: אייבראַם אייבראַמסאָן, באַוואוסטער טוער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן (געשטאָרבען); כאַצקעל, אַ טוער אין דער קייק בעקער יוניאָן, און וויליאַם אייבראַמסאָן, פּרעזידענט פון בראָדערלי לאָוו (דאָס בילד איז גענומען געוואָרען אין 1910).

THE THREE ABRAMSON BROTHERS MANY YEARS AGO. *From right*: Abram Abramson, well-known leader in the Cloakmakers' Union (deceased); Charles a leader in the Cake Bakers' Union; and William Abramson, president of "Brotherly Love Society." This photograph was taken in 1910.

## דריי שוועסטערס
## THREE SISTERS



וויכטיגע טוערינס אין דער ביאַליסטאָקער ליידיס אָקזילערי.
פון רעכטס צו לינקס: פעני פּאָלעשוק, וויס־פּרעזידענט; רעי סיידערמאַן, פינ. סעקרעטאַרין; און מערי ראָגאָף, טראָסטי.

ACTIVE MEMBERS OF THE BIALYSTOKER LADIES AUXILIARY. *Right to left*: Fannie Poleshuk, vice-president; Rae Siderman, financial secretary, and Mary Rogoff, trustee.



די געזעלשאַפטליכע טוער הערי און יעטע קאַפּלאַן פון ניו יאָרק אלס יונגיטשקע חתן־כלה אין דער אלטער היים אין יאָר 1907.

The communal workers Harry and Yetta Kaplan of New York as they appeared in 1907 in Bialystok when engaged to be married.



„פּריזיוניקעס" אין 1906: מאָטעל אָסטרינסקי און זיידעל גאָלדבערג, איצט ביידע אין אמעריקע.

"Draftees" in 1906: Motel Ostrinsky and Zaidel Goldberg; both are now in the U. S.



די טוערין פּאָלי קאסאָווסקי אלס יונגע מוטער מיט איר זונדעלע אין ביאַליסטאָק אין 1910.

Polly Kosowsky, an active member, as she appeared with her young son in Bialystok in 1910.



4 ביאַליסטאָקער „באַרישניעס" אין 1906. — פון רעכטס צו לינקס: רחל יעלין, האַלפּערן, חיה גאָניאָנדזקי, די איצטיגע געזעלשאַפטליכע טוערין אײדאַ אײדאַק און איר אינגערע שוועסטער רחל ענגעל, אומגעקומען אין געטאָ.

Four Bialystoker maidens in 1906.—*From right to left*: Rachel Yellin, Halpern, Ida Goniondzki—now Mrs. Ida Aidak, the kell-known communal leader—and her younger sister, Rachel Engel, who perished in the Ghetto.



## FAMILY PHOTOS — משפחה בילדער

### די גאָלדבערג׳ם

לינקס : ר׳ יצחק גאָלדבערג און זיין פרוי דבורה־גיטעל די בעקערקע, מיט איבער 60 יאָר צוריק אין ביאַליסטאָק.

---

אונטען : די משפחה גאָלדבערג פון מענכענס געסל, שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. — פון לינקס צו רעכטס : ר׳ יצחק דער בעל־תפילה פון סענדער מיר־טשעס בית־המדרש, געשטאָרבען אין קאָלטשעסטער קאָנ. זיינע קינדער ביילקע, זיידעל (דניאל), וועלכער איז געווען מעיאָר אין קאָלטשעסטער, זכריה (בראָנקס), זייער מוטער קיילע און די טאָכטער שיינקע.

THE GOLDBERGS

*Left*: Isaac Goldberg and his wife Deborah-Gitel the baker, some 60 years ago in Bialystok.

---

*Below*: THE GOLDBERG FAMILY FROM MENCHENS STREET, who later emigrated to America. *Left to right*: Reb Isaac, the cantor; his children Beilke, Daniel, who was mayor of Colchester, Charles (Bronx), their mother Keyle, and Sheinke, the daughter.



## FAMILY PHOTOS

## משפחה בילדער



לייבל (לואי) און לאה זורא (סוראַסקי)

זון און שנור פון באַוואוסטען פאַבריקאַנט און חסיד ר׳ אהרן סוראַסקי. זיי זיינען געווען די עלטערען פון באַרימ־טען מוזיקער און דיריגענט יהושע זוראָ, ע״ה (געשט. אין 1930). לייבעל איז געשטאָרבען אין ניו יאָרק אין 1934, זיין פרוי לאה אין 1939.

Louis and Leah Zura (Surasky)

Son and daughter-in-law of the famous manufacturer and Chassid, Aaron Surasky. They were the parents of the famous musician and conductor, Joshua Zuro (died in 1930). Louis died in New York in 1934 and his wife in 1939.



אברהם (אַלטער) אַדלער דער בעקער מיט זיין פאַמיליע. די מיידעלע אויפ׳ן פאָטער׳ס שויס איז די איצטיגע געזעלשאַפטליכע טוערין סיליע לאַזאַר. דער אינגעלע וואָס זיצט איז דער ברוקלינער בוי־אונטערנעמער מר. פיליפּ אַדלער (געשטאָרבען יאַנואַר, 1951), און דער עלטערער אינגל וואָס שטייט לעבען זיין מוטער איז דער באַוואוסטער בינע־קינסטלער דזשוליוס אַדלער.

Abraham (Alter) Adler, the Baker, and His Family. The child on her father's lap is Celia Lazar, active in communal affairs. The boy seated is the Brooklyn builder, Mr. Philip Adler (died January, 1951), and the older boy, standing near his mother, is the famous actor, Julius Adler.



Three Well-known Landsleit

Forty years ago on New York's East Side. *Right to left*: Morris Fisher (deceased husband of Fannie Fisher), Abraham Ozder and Abraham Fisher, proprietor of the old "Pacific Hall" at 209 East Broadway, New York.

דריי באַוואוסטע לאַנדסלייט

מיט איבער 40 יאָר צוריק אויף דער איסט סייד. פון רעכטס צו לינקס: מאָריס פישער (פאַרשט. מאַן פון פעני פישער), אברהם אָזדער און אברהם פישער, אייגענ־טימער פון אַמאָליגען „פאַ־סיפיק האָל״, פון 209 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.



אַלטער טשעכאָווסקי און זיין ווייב גיטעל די קרעמערקע

ALTER TCHECHOWSKI AND HIS WIFE GITEL



מאיר און דבורה ריבאלאָווסקי
די איינענטימער פון באַוואוסטען האָטעל און רעסטאָראַן
ביים ביאַליסטאָקער וואָקזאַל.

MEYER AND DWORA RYBALOWSKI
Proprietors of the well-known hotel and restaurant at the Bialystoker railway station.



היימען און סערע גאָלדבערג
די עלטערען פון די טועריגס פון דער לײדיס אָוקזיליערי מערי ראָגאָף, פעני פאָלעשוק און רעי סיידערמאַן.

HYMAN AND SARAH GOLDBERG
Parents of our active members of the Ladies' Auxiliary, Mary Rogoff, Fannie Poleshuk and Rae Siderman.



ר׳ שמואל יוסף גאָלדבערג מיט זיין פרוי ריװע לאה
אַלע זייערע 9 קינדער זיינען מיטגלידער פון ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים. זיי זיינען: דזשעני האָפמאַן, ראָזע לעווין, פּאָלי סיגעל, אסתר עלדזשין, מערי האָפמאַן (פּיטסבורג, פּא.), סילי אַלפּערט, פרידע בען, קידי לעווין און ווילי גאָלדבערג.

REB SAMUEL JOSEPH GOLDBERG AND HIS WIFE RIVA LEAH
Their nine children are all members of the Bialystoker Center. They are: Jennie Hoffman, Rose Levine, Pollie Siegel, Esther Elgin, Mary Hoffman (Pittsburgh, Pa.), Celia Alpert, Frieda Ben, Kadie Levine and Willie Goldberg.



לייבעל אָראַנער (קנישינסקי) מיט זיין פרוי
אַ באַרימטער שניידער־באַלעבאָס פון כאַנאַיקעס.

LEIBEL ORANER (KNISHINSKY) and his wife.
A well-known master tailor of Chanaykes.

# פאַרשטאָרבענע טוער פון אונזער לאַנדסמאַנשאַפט
# DECEASED LEADERS OF OUR LANDSMANSHAFT



ר' ליטמאַן קאָהן ע"ה
טוער פון בקור חולים. געשט. 1918.

Litman Cohn
Leader of the Bikur Cholim; died in 1918.



ר' קאָפּעל וועגדעל ע"ה
טוער פון „סומך נופלים" און בקור חולים. געשט. 1920.

Kopel Wendel
Leader of "Somech Noflim" Society and the Bikur Cholim; died 1920.



ר' שלמה סאלאמאָן ע"ה
(שלמה דער שווארצער)
טוער פון „סומך נופלים" און בקור חולים. געשט. 1915.

Solomon Solomon
Leader of the "Somech Noflim" Society of the Bikur Cholim; died in 1915.



ר' דוד-לייב רובינשטיין ע"ה
סעקרעטאַר פון בקור חולים. געשט. 1931.

David-Leib Rubinstein
Secretary of the Bikur Cholim; died in 1931.



בענדזשאַמין כאָראסט ע"ה
טוער פון בקור חולים. געשט. 1922.

Benjamin Chorost
Leader of the Bikur Cholim; died in 1922.



ר' שמחה רובין ע"ה
טוער פון בקור חולים. געשט. 1932.

Simcha Rubin
Leader of the Bikur Cholim; died in 1932.

## פאַרשטאָרבענע טוער פון אונזער לאַנדסמאַנשאַפט
## DECEASED LEADERS OF OUR LANDSMANSHAFT



מייער פראַנק ע״ה
באַוואוסטער קליידער־פאַבריקאַנט און
דאָנאָר פון ביאַליסטאָקער צענטער און
מושב זקנים. געשט. 1932.

MEYER FRANK

Well-known clothing manufacturer and donor to the Bialystoker Center and Home for the Aged; died 1932.



ישראל־ראובן ראַבינסאָן ע״ה
סטאָליאַר־מייסטער און אונטערנעמער.
געשט. 1926.

ISRAEL RUBIN ROBINSON

Master carpenter and contractor; died 1926.



ר׳ וואָלף רובין ע״ה
סוחר און למדן, מיטגליד פון ביאַ־
ליסטאָקער צענטער און מושב זקנים.
געשט. 1949.

WOLF RUBIN

Merchant and scholar, member of the Bialystoker Center and Home for the Aged; died in 1949.



אברהם ווילסאָן ע״ה
טוער פון ביאַליסטאָקער רעליף און פון
צענטער און מושב זקנים. געשט. אין
1933.

• ABRAHAM WILSON

Active in Bialystoker Relief and the Bialystoker Center and Home for the Aged. Died in 1933.



מאַקס סמיטה ע״ה
טוער פון „סומך נופלים" און מיט־
גרינדער פון צענטער און מושב זקנים.
געשט. 1943.

MAX SMITH

Leader of the "Somech Noflim" Society and co-founder of the Bialystoker Center and Home for the Aged; died in 1943.



מאָריס ראָזענבלום ע״ה
(משה קאָסאָווער)
טוער פון „סומך נופלים". געשט. אין
1930.

MORRIS ROSENBLUM

Leader of the "Somech Noflim" Society; died in 1930.

# פאַרשטאָרבענע טוער פון אונזער לאַנדסמאַנשאַפט

## DECEASED LEADERS OF OUR LANDSMANSHAFT



דזשוליוס גאָלד ע"ה
באוואוסטער טוער און נדבן, מיטגרינ־
דער פון בקור חולים, פון צענטער און
מושב זקנים. געשט. 1934.

JULIUS GOLD
Well-known leader and benefactor, co-founder of the Bialystoker Bikur Cholim, the Center and Home for the Aged; died in 1934.



סעם קאַסעל ע"ה
טוער פון בקור חולים און מיטגרינדער
פון ביאַליסטאָקער צענטער און מושב
זקנים. געשט. 1946.

SAM KASSEL
Leader of the Bikur Cholim and co-founder of the Bialystoker Center and Old Aged Home; died in 1946.



סעם נאָוויק ע"ה
טוער פון סומך נופלים און מיטגרינ־
דער פון ביאַליסטאָקער בקור חולים.
געשט. 1939.

SAM NOVICK
Leader of the "Somech Noflim" and co-founder of the Bialystoker "Bikur Cholim"; died 1939.



אַלטער קושעס ע"ה
מיטגרינדער פון בקור חולים און פון
צענטער און מושב זקנים. געשט. אין
1950.

ALTER KUSHES
Co-founder of the Bikur Cholim, the Center and Home for the Aged; died in 1950.



חיים־בער סאבעל ע"ה
טוער פון בקור חולים און מיטגרינדער
פון ביאַליסטאָקער צענטער און מושב
זקנים. געשט. 1948

CHAIM-BER SOBEL
Leader of the Bikur Cholim and co-founder of the Bialystoker Center and Home for the Aged; died in 1948.



סעם גאָלדמאַן ע"ה
טוער פון בקור חולים און מיטגרינדער
פון ביאַליסטאָקער צענטער און מושב
זקנים. געשט. 1941.

SAM GOLDMAN
Leader of the Bikur Cholim and co-founder of the Bialystoker Center and Home for the Aged; died 1941.

